


# שלשה אחים

פערטער טייל

דער פארלוירענער ברודער

– ערשטע העלפט –



4

## א.

בין יום ללילה. צווישן טאָג און נאַכט פון אַ קורצן ווינ־טערטאָג, אין דרויסן איז געווען אַ שאַרפע קעלט, די שטילע איינ־וווינער פון דעם קליינעם שטעטל „לודקיאַ“ וואָס ליגט ביים ברעג פון דעם ים־הגדול, האָבן זיך פאַרשלאָסן אין זייערע הייזלעך און געזעסן אַרום דעם וואַרעמען אויוון. אין די שמאָ־לע גאַסן פון שטעטל האָט זיך נישט געפינען קיין נפש־חיה. פון דער ווייטער מעריב־זייט האָט נאָך די זון מיט אירע לעצטע שטראַלן באַלויכטן מיט אַ שוואַך ליכט דעם טונקלען ים, אָבער אין שטעטל האָט זיך שוין גוט אָנגעזען די ערשטע טריט פון דער לאַנגער פינצטערער ווינטער־נאַכט וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן אַראָפּ־צו־לאָזן אויף דער וועלט. אַן אומעטיקייט און אַ מורא איז שוין אויף אַלצדינג געלעגן.

אין דעם פאַרנאַכט האָט זיך מיט אַ געשווינדעקייט דערוויי־טערט אַ קליין שיפל פון דעם פּאָרט וואָס דאָס שטעטל לודקיאַ האָט געהאַט. מיט אַ שנעלקייט איז דאָס שיפל געפאָרן צו דער ריכטונג פונעם אָפענעם ים. דער שיפס־קאַפּיטאַן האָט אויף דעם שיפל מיט אַ שטיל קול געגעבן באַפעלן צו די מאַטראָזן, און זיי געהייסן אַז זיי זאָלן צו איילן די נסיעה וואָס שנעלער עס איז נאָר מעגלעך, פון דעם שטילן אַרומלויפן פון די מאַט־ראָזן אויפן דעק פון דעם שיפל, איז גלייך קענטיק געווען אַז די נסיעה איז נישט קיין גלאַטיקע, און עפּעס אַ גניבה אָדער אַן אַנדער פאַרברעכן קומט דאָ פאָר.

מער פון אַ שעה איז דאָס שיפל אַזוי געפאָרן מיט גרויס אייַלעניש, און זיך אַלץ דערווייטערט פון דעם שטעטל. די פינצטערניש פון דער נאַכט האָט שוין באַדעקט די גאַנצע געגנט, די צייט איז געווען אַ שטילע, פון אַרום און אַרום האָט זיך נישט געהערט קיין שום קול אַ חוץ דעם שוואַכן גערויש וואָס דאָס שיפל האָט אויפגעבראַנגט מיט איר שטערן די וואַסערן פון זייער שלאָף, און דאָס שטילע גערעדעריי פון די מאַטראָזן צווישן זיך. צו אַ מאָל האָט אויך איבערגעהאַקט די שטילקייט אַ טיפער קרעכץ וואָס האָט זיך געהערט פון אַ ווינקל פון דעם שיף, אָבער קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט דערויף.

ווען דאָס שיפל איז שוין געווען אַ היפּשע פּאָר מייל ווייט פונעם שטעטל האָט דער שיפּס־קאַפּיטאַן אַרויסגענומען אַ גרויסן טראָמפּייטער און געגעבן מיט אים דריי הויכע פייף, פון דער ווייטנס האָט זיך דערהערט דאָס ווידער־קול פונעם פייף. אינעם זעלבן מאָמענט האָבן זיך אַלע מאַטראָזן אַרום אים פאַרזאַמלט און אים געקוקט אין פּנים. דער קאַפּיטאַן איז געשטאַנען אויפן טורעם פונעם שיפל און מיט אומגעדולד געקוקט אויף אַלע זייטן פונעם ים. אין דער געשטאַלט פונעם קאַפּיטאַן איז קענטיק געווען אַז זיינע אויגן געפינען נישט וואָס זיי זוכן. ער קוקט אַהער און קוקט אַהין און דערנאָך זאָגט ער ווי צו זיך אַליין, אוי עס איז ביטער! עס ווייזט זיך נישט אויף קיין שום אָרט די גרינע ליכט. ווי דער קאַפּיטאַן האָט נאָר אַרויסגעזאָגט די ווערטער איז גלייך געפאַלן אויף אַלע מאַטראָזן אַ גרויסער פּחד, די פינצטערניש וואָס דער קאַפּיטאַן האָט פריער געזען אין די ווייטעניש פונעם ים איז איצט געלעגן אויף די פּענימער פון די מאַטראָזן. מיט אַ דערשראָקענעם קול האָבן זיי אַרומגערעדט צווישן זיך און געפרעגט איינעם ביים צווייטן, וואָס וועט איצט דאָ זיין מיט אונז? דערווייטערן זיך ווייטער

נאָך מער צום אָפענעם ים קאָנען דאָך מיר זיך נישט מיט אַזאַ קליין שיפל. און ווידער צוריק אומקערן זיך קיין לודקיאַ קאָנען מיר אויך נישט, ווייל שוין אַ לענגערע צייט אַז ווען עס פעלט עמיצער אין שטעטל זוכט מען אים ביי אונז דאָס ערשטע, און נאָך דערצו איז דאָך דער געבונדענער אַ קלוגער יינג, אַז ער וועט דערפילן אַז מיר זענען צוריקגעפאָרן וועט ער שוין מיט זיין חכמה עפּעס טוען אַז מ׳זאָל זיך דערוויסן אַז ער געפינט זיך ביי אונז, און דאַן זענען מיר געוויס פאַרלוירענע.

ווי די מאַטראָזן רעדן אַזוי איינער צום צווייטן מיט אַזאַ דערשראָקנקייט גיט פלוצים אַ שפּרונג אונטער אַ מאַטראָז וואָס האָט געהאַט גאָר אַ ווייטן און שאַרפן בליק, און ווייזנדיק מיטן פינגער זאָגט ער מיט גרויס איבעראַשונג, אָט אָט! דאָרט איז די גרינע ליכט, אַלע מאַטראָזן קוקן אויף דעם אָרט ווי ער האָט געוויזן. קודם האָבן זיי נישט געזען אָבער עס איז נישט אַריבער אַ לאַנגע צייט האָבן שוין אַלע געזען ווי עס דערנענטערט זיך צו זיי מיט אַ שנעלקייט די גרינע ליכט.

די שמחה אויפן שיפל איז געווען גאָר אַ גרויסע, און מיט אַ שטיל קול האָבן די מאַטראָזן זיך גענומען זונגען אַ פריילעך ליד.

אַ גרויסע קרגיס־שיף, וואָס אויף איר טורעם איז געהאַנגען אַ גרינער לאָמפּ האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן קליינעם שיפל.

— ער איז דאָ? דאָס איז געווען די ערשטע פראַגע פונעם קאַפּיטאַן פון דעם גרויסן קריגס־שיף, צו דער חברה פונעם קליינעם שיפל.

— יאָ יאָ! האָט זיך געהערט אַ לוסטיקע תשובה פון די מאַטראָזן אויף דעם קליינעם שיפל.

— לויט מיין מיינונג — זאָגט ווייטער דער קאַפּיטאַן פונעם גרויסן שיף צום קאַפּיטאַן פונעם קליינעם שיפל — דאַרף מען אים גלייך אַריין וואַרפן אין ים אַריין, נאָך איידער ער וועט

אונז קאָנען אָן טוען שווערקייטן מיט צרות, ווייל לויט ווי איך האָב געהערט פון זיין חכמה און פאַרשטאַנד זע איך אַז מיר ווען פון אים נאָר ליידן אויפן שיף.

— עס איז נאָך צו נאָענט צום שטעטל — ענטפערט דער קאַפּיטאַן פונעם קליינעם שיפל — מיר האָבן דאָך געשווירן אַז מיר וועלן אים נישט הרגענען און נישט פאַרקויפן צי די מענטשן פרעסערס, און אַז מיר וועלן אים דאָ אַריין וואַרפן אין ים, וועט זיין טויטער קערפער אָנקומען קיין לודקיאָ און די סוחרים וועלן זען אונזער פאַלשקייט.

— אויב אַזוי — זאָגט ווידער דער קאַפּיטאַן פונעם קריגס־שיף — מוזן מיר זיך צו איילן, ווייל מיר געפינען זיך נאָך צו נאָענט צום שטעטל, און עס קאָן זיך נאָך אונטער רוקן עפּעס אַ שיף, און דער געבונדענער וועט זיך נעמען מאַכן קולות און וועט אויף אונז אַלע נאָך ברענגען אַ געפאַר. דער קאַפּיטאַן האָט געגעבן אַ באַפעל אַז מ׳זאָל אַלעס פונעם קליינעם שיפל אַרויפפּאַקן אויפן קריגס־שיף, גלייך איז געוואָרן אַ גרויס גע־פילדער און געטומל אויףביידע שיפן. מיט דיקע שטריק און קייטן האָט מען אַלעס אַרויף געשעלפּט אויפן גרויסן שיף, און אין אַ קורצער צייט איז שוין אַלעס געלעגן אויפן קריגס־שיף. דעם געבונדענעם האָבן זיי אַוועקגעלייגט אין אַ ווינקל מיט געבונדענע הענט און פיס. ווען אַלעס איז שוין געווען אַרויפ־געשלעפּט אויפן שיף, און די חברה פונעם קליינעם שיפל האָבן זיך שוין דערזען אויפן קריגס־שיף, זענען זיי געווען פריילעך, ווי זעלנער וואָס קערן זיך אום פון אַ מלחמה וועלכע זיי האָבן געווינען. דער גרויסער גוטער נאָמען וואָס דער געפאַנגענער האָט געהאַט אַלס אויסערגעווינטלעכער חכם האָט געהאַט אויף זיי געוואָרפן אַזאַ פחד אַז זיי זענען געווען זיכער אַז ער וועט זיי געוויס אָפּטוען עפּעס אַ שפּיצל און ביים סוף וועט ער זיך

נאָך אַרויסדרייען פון זייערע הענט, און זיי וועלן נאָך צוליב אים אַרויפגעצויגן ווערן אויף דעם הענג־האָלץ. דעריבער איצט אַז זיי האָבן זיך דערזען אויף דעם קריגס־שיף און עס האָט זיי גאָרנישט געשאַט, זענען זיי געווען גאָר גליקלעך.

אַז אַלעס איז שוין געווען אויפן קריגס־שיף האָט דער קאַפּיטאַן געגעבן אַ באַפעל מ׳זאָל אויסציען די זעגעל־ביימער, און די שיף האָט זיך גענומען פאָרן איר וועג. ביי איין אַלטן האַלב צעבראָכענעם קאַסטן וואָס האָט געדינט אַלס טיש, האָבן זיך די מאַטראָזן אַוועק געזעצט, און ביים שוואַכן ליכט וואָס דער אַלטער שטויביקער לאָמפּ האָט אַרום זיך צעשפּרייט האָבן זיי זיך גענומען שפּילן קאָרטן מיט קריגעריי און געלעכטער. אַ היפּשע פּאָר שעה האָבן זיי געשפּילט אָן קיין שום שטערונגען, דער ים איז געווען אַ שטילער, און די שרעקלעכע פינצטער־ניש פון דער נאַכט האָט זיי נאָך אַנגענעמער געמאַכט דעם שפּיל. פּלוצים, ווען זיי האַלטן אין מיטן בעסטן שפּילן, הערט זיך אַ ביטער געוויין פון אַ ווינקל פונעם שיף, ווי בייזע טיגערס האָבן אַלע אויגן פון די שפּילערס געקוקט צו דעם וואָס שטערט זיי דאָ דעם שפּיל.

— וואָס האָסט דו דיך עפּעס פּלוצים איצט דערמאָנט צו וויינען? גיט אַ געשריי איינער פון די חברה צו דעם פינצטערן ווינקל ווי דער געבונדענער איז געלעגן אין אייזערנע קייטן.

— זעט אויס — ענטפערט אַ צווייטער פון דער חברה — דאָס ער האָט זיך עפּעס אַ בייזן חלום געחלומט, ער האָט זיך געחלומט פון זיין געשמאַקער היים ווי ער איז געלעגן לעבן דעם וואַרעמען אויוון, דעריבער וויינט ער אַז מיר זאָלן אים גלייך צוריק פירן צו זיינע באַקוועמלעכקייטן — זאָגט ער מיט אַ געלעכטער.

— ניין, ניין! הערט זיך דאָס קול פונעם געבונדענעם, נישט

צו אייך ווייך איך און נישט ביי אייך וועל איך זיך בעטן, איך ווייס גאַנץ גוט אַז אייערע אכזריותדיקע הערצער האָבן אַ פאַרגעניגן ווען זיי הערן דאָס געוויין פון אַ מענטש וואָס פלאָגט זיך און גייט אויס פון יסורים, און דעם פאַרגעניגן און נחת וויל איך אייך נישט אַנטאָן.

— נאָר וואָס דען וויינסטו? פרעגט מיט געלעכטער איינער פון דער חברה.

— איך בין אַ יהודי — ענטפערט דער געבונדענער — און מיר יהודים האָבן געהאַט אין דער הייליקער שטאָט ירושלם אַ בית־המקדש, און ליידער איז דאָס מיט אַ טויזנט יאָר צוריק פאַרברענט געוואָרן, זייט דעמאָלט טרויערן מיר יהודים אויף דעם, און יעדע נאַכט ווען עס איז בערך די מיט פון דער נאַכט וויינען מיר און בעטן זיך ביי אונזער גאָט ער זאָל אונז צוריק אויפבויען זיין הויז, און דערמיט דערפרייען אונזערע צעבראָכענע הערצער.

אַ גרויס געלעכטער האָט אויסגעבראָכן צווישן דער חברה ווי זיי האָבן דערהערט זיין אַנטוואָרט.

— דו שוטה — זאָגט איינער פון זיי צו דעם יהודי — דו ליגסט דאָ מיט געבונדענע הענט און פוס אויף געהאַקטע צרות, און וויינסט אויף עפּעס אַ שריפה וואָס איז געשען מיט טויזנט יאָר צוריק?

דער געבונדענער האָט מער זיי גאָרנישט געענטפערט, ער האָט נאָר מיט זיינע שיינע בליציקע בלויע אויגן אַ רחמנות׳־דיקן קוק געגעבן אויף דער חברה וואָס זענען געזעסן ביי דעם קאָרטן־שפּיל, משל, ווי איינער זאָגט, אויף מיר איז קיין רחמ־נות, איך בין אַ יהודי וואָס ווייס אַז ער האָט אַ גרויסן גאָט וועלכער ראַטעוועט אים פון אַלע שרעקלעכסטע אומגליקן. אָבער אַ רחמנות איז נעבעך אויף אייך מיט אייער נידריקער

ביטערער פרנסה פון צו גנב׳ענען מענטשן און זיי פאַרקויפן. נאָכדעם וואָס ער האָט געקוקט אויף זיי אַביסל גיט ער אַ לייג אַרויף זיין האַנט אויף זיין קאָפּ און דריקט זי צו צו זיין הויכן שטערן, עס איז קענטיק געווען אַז ער האָט שטאַרקע קאָפּ־ווייטאָג. אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער איינגעשלאָפן אין אַ טיפן שלאָף.

ב.

ווער דער ייִנגער העלד, דער געבונדענער יהודי, איז געווען? האָט קיינער נישט געוווּסט, אפילו די יהודים פון דעם שטעטל לודקיאַ וואָס דאָרט האָט ער זיך געפינען די לעצטע צייטן שוין מער פון אַ יאָר, האָבן אויך נישט געוווּסט ווער דער יהודי איז.

בערך מיט אַ יאָר צוריק איז געקומען קיין לודקיאַ אַ שיף מיט עטלעכע יהודים וואָס האָבן זיך געוואָלט באַזעצן אין דעם שטעטל, צווישן זיי איז אויך געווען דער יהודי וואָס איז איצט דאָ געלעגן אויפן שיף מיט געבונדענע הענט און פוס. די געקומענע יהודים האָבן זיך אַרום געקוקט אין שטעטל אַ פּאָר וואָכן, אָבער דאָס שטעטל האָט נישט נושא־חן געווען אין זייערע אויגן. די פּרנסה פון די איינוווינער אין שטעטל איז געווען גאָר בדוחק, זיי האָבן זיך מפרנס געווען פון טרעגערײַ, אַרויף פּאַקן און אַראָפּ לאָדענען די סחורות פון די שיפן וואָס זענען געקומען און אָפּגעפאָרן פונעם קליינעם פּאָרט וואָס דאָס שטעטל האָט געהאַט. דער מצב פון די יהודים איז נאָך שווערער געווען, ווייל על־פּי־רוב האָט מען זיי נישט צוגעלאָזט נאָר צו די גאַנץ שווערע אַרבעטן. עס זענען אפילו געווען אין שטעטל עטלעכע יהודים וואָס האָבן יאָ גאַנץ שיין מצליח געווען אין מסחר, און זענען געווען גאַנץ גרויסע עשירים, אָבער די עשירים האָבן זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף זייערע אָרעמע

ברודער וואָס האָבן אַזוי ביטער שווער געאַרבעט, און האָבן נישט געהאַט וואָס צו עסן אין שטוב. די עשירים זענען געווען פון די סאָרט עשירים וואָס מ׳זאָגט אויף זיי אַז ווען איינער, אַזאַ סאָרט עושר, האָט זיך געטראָנקען אין וואַסער, און עס איז אַריבער לעבן אים אַ מענטש און האָט צו אים געשריגן גיב אַ האַנט דאָס איך זאָל דיך אַרויסשלעפּן, האָט ער געשריגן פון די טיפעניש פון ים „געבן קאָן איך נישט...״. דער אַלטער חשוב׳ער רב פון שטעטל האָט זיך נעבעך אַלץ געבעטן ביי די עשירים אַז זיי זאָלן רחמנות האָבן אויף זייערע אָרעמע ברודער, אָבער דאָס ערנסטע געבעט פון דעם ערלעכן רב האָט אויף די עשירים גאַנץ ווייניק געווירקט. טאָמער האָט זיך שוין יאָ גע־טראָפן אַז איין עושר האָט אַמאָל צום האַרץ גענומען די ווער־טער פון דעם אַלטן רב, און ער האָט עפּעס געגעבן פאַר אַן אָרעמאַן, האָט ער געפילט ביי זיך דאָס ער איז דערמיט אַ גרויסער בעל־צדקה, און וויפל כבוד מ׳האָט אים אָפּגעגעבן דערפאַר איז אים נישט גענוג געווען.

צוקוקנדיק דעם נידעריקן מצב אין פּרנסה און אין מדות־טובות פון די מענטשן אין שטעטל, האָבן די יהודים וואָס זענען געקומען מיט דעם שיף באַשלאָסן ביי זיך דאָס זיי האָבן נישט צו וואָס דאָ צובלייבן אין דעם שטעטל, זיי האָבן זיך געטראַכט אַז נישט קיין פּרנסה און נישט אויף צעוואַקסן די קינדער צווישן אמת׳ע איידעלע יהודים, צו וואָס דען זאָלן זיי דאָ בלייבן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן זיי זיך אַלע אויפגעהויבן און אַוועק געפאָרן קיין „פּומבדיתא״, דאָרט ווי עס האָט זיך געפינען די גרעסטע ישיבה אין יענע צייטן.

פון די אַלע יהודים וואָס זענען געקומען מיטן שיף, איז נישט געבליבן אין לודקיאַ נאָר צוויי, עפּעס אַ מיידל וואָס האָט נישט געהאַט צווישן די מענטשן אויפן שיף קיין שום קרוב, איז זי

איבערגעבליבן ביים אַלטן רב אין שטוב, זי האָט געהאָלפן דער אַלטער רביצין פירן די שטוב ווירטשאַפט. ווער דאָס מיידל איז האָט קיינער נישט געוווּסט, דעם רב האָט זי יאָ מגלה געווען אַז זי שטאַמט פון אַ קעניגלעכן הויז, און אַז זי האָט זיך מגייר געווען, און וואָס עס האָט זי געברענגט דערצו אַז זי זאָל ווערן אַ יהודית. אָבער אַ חוץ דעם רב האָט קיינער נישט געוווּסט ווער זי איז. אַזוי ווי זי האָט דאָך זיך מגייר געווען און געוואָלט ווערן אַ יהודית, האָט מען איר טאַקע געגעבן דעם שם הקודש „יהו־דית״. דאָס מיידל האָט געשטאַמט פון דעם שיינעם לאַנד אופיר.

דער צווייטער יהודי וואָס איז געבליבן אין לודקיאַ איז געווען דער יהודי וואָס איז נעבעך איצט דאָ געלעגן אין דעם קריגס־שיף אַ געבונדענער. דער יהודי איז געקומען אין שטעטל מיט אַ גרויס פאַרמעגן, דעריבער האָט אים נישט געאַרט דאָס וואָס דער מצב פרנסה אין שטעטל איז אַזוי שווער און בדוחק. ער האָט זיך געלאָזט אויפבויען אַ שיין גרויס הויז, און ער האָט זיך געעפנט פאַרשידענע געשעפטן אין די שענסטע און בעסטע ערטער פון שטעטל, אַ פעאיקער יינגער מאַן איז ער געווען, האָט ער די געשעפטן גוט איינגעאָרדנט, און זיי האָבן טאַקע אָנגעהויבן צו בליען גאַנץ שיין. די יהודים פון שטעטל וואָס האָבן ביז איצט אַזוי שווער געאַרבעט ביים פאָרט האָט ער אַריינגענומען אין זיינע געשעפטן: די עשירים פון שטעטל האָבן אים אפילו געוואָרנט דאָס אויב די פשוטע טרעגערס וועלן פירן זיינע געשעפטן וועלן זיי שנעל צוגרונד גיין. זיי האָבן אים געראָטן אַז ער זאָל נעמען פאַכלייט צו פירן זיינע גע־שעפטן. אָבער דער יהודי האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי־ערע עצות, ער האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין דאָס מ׳קען נישט נאָר קוקן אויף די אייגענע אינטערעסן, מ׳דאַרף אויך אין זינען האָבן אַ צווייטן, און איבערהויפּט איז דאָך ממילא אַלעס גע־

וועגד אין דער הצלחה וואָס השי״ת שיקט, וועט ער געוויס נישט היזק האָבן דערפאַר ווייל ער האַלט אין געשעפט זיינע אָרעמע ברודער. עס איז נישט אַריבער אַ לאַנגע צייט האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן אַז דער יהודי איז געווען גערעכט, זיינע געשעפטן האָבן אַלץ מער אויפגעבליט, און זיין עשירות איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. די פּשוטע טרעגערס וואָס האָבן גאַנץ גוט געוווסט וואָס פאַראַ טובה דער איידעלער יינגער מאַן האָט מיט זיי געטאָן, האָבן אים טאַקע צוריק געדינט דערפאַר. זיי זענען געווען געטריי צו די געשעפטן פון דעם יהודי גלייך ווי זיי וואָלטן געווען זייערע אייגענע געשעפטן. מיט אַזאַ גע־טריישאַפט האָבן די יהודים געאַרבעט, אַז מיט דער צייט האָט זיך געקאָנט דער יהודי אינגאַנצן אַרויסרוקן פון די געשעפטן און די יהודים „די טרעגערס" האָבן אַלעס אַליין געפירט, און דערצו גאָר אויף אַ געלונגענעם אופן, אַזוי אַז עס האָט זיך נישט דערקאָנט קיין שום חילוק צווישן ווען ער אַליין האָט גע־פירט די געשעפטן, אָדער די יהודים אַן אים האָבן זיי געפירט.

ווען דער יינגער יהודי איז געקומען אין שטעטל האָט ער זיך גלייך באַקאַנט געמאַכט מיט דעם אַלטן רב פון שטאָט, און צוליב אים איז ער טאַקע דאָרט געבליבן, ער האָט געזען אין דעם רב אַז ער איז אַ גרויסן גאון און אַ צדיק האָט ער געוואָלט ביי אים לערנען, דעריבער האָט ער זיך באַזעצט אין דעם שטעטל. ווען ער האָט שוין געהאַט איינגעאָרדנט זיינע גע־שעפטן און זיי האָבן זיך געפירט גאַנץ שיין, און ער האָט גע־זען אַז ער קאָן זיינע אַרבעטער געטרויען צו פירן די געשעפטן, האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין לערנען די הייליקע תורה. צו ביסלעך האָט ער זיך אינגאַנצן אַרויסגעריקט פונעם מסחר — און האָט טאָג און נאַכט געלערנט. דעם ערשטן האַלבן טאָג האָט ער אַלץ געלערנט ביי דעם רב אין דערהיים, און דעם

צווייטן האַלבן טאָג האָט ער איבערגעחזרט וואָס דער רב האָט מיט אים געלערנט אין דעם בית־המדרש פון שטעטל.

אַ חוץ וואָס דער יינגער יהודי האָט אַזוי אַרויסגעהאָלפן די אָרעמע יהודים מיט דעם וואָס ער האָט אַ יעדן אָרעמאַן אַריינ־גענומען צו אַרבעטן אין זיינע געשעפטן, האָט ער נאָך צעטיילט פיל צדקה, און ער האָט נאָך געמאַכט אַ סך אָנשטרענגונגען כדי ער זאָל אַ טובה טאָן פאַר אַ יהודי. האָט עמיצער חלילה געהאַט אַ חולה אין שטוב, האָט זיך גלייך דער יהודי דערוווּסט דערפון, און איז אים געקומען מבקר־חולה זיין, דערביי האָט ער זיך אומגעקוקט וואָס עס פעלט אויס אין שטוב, און האָט אַ ריין געשיקט צו דעם חולה אין שטוב פון כל טוב. ווער שמועסט ווען עמיצער האָט געברויכט חתונה מאַכן אַ טאָכטער, האָט יענער געפונען אין דעם יהודי אַ געטרייען פאָטער, ער האָט געזאָרגט אויף אַלצדינג, בקיצור, זייט דער יהודי האָט זיך באַזעצט אין שטעטל זענען דערלייכט געוואָרן די אויגן פון די אָרעמע יהודים, קיין ברויט האָט שוין מער אין אַ יידישער שטוב נישט געפעלט, און קיין פאַרזעסענע טאָכטער איז שוין ביי קיי־נעם נישט געבליבן.

עס שטייט דאָך „מצווה גוררת מצווה" דאָס הייסט אַז איין מצווה שלעפּט נאָך אַ צווייטע מצווה, איז טאַקע דאָ אויך אַזוי געווען, די איידעלע געפילן און דאָס גוטע האַרץ פון דעם יינגן יהודי האָבן אַריינגעבראַכט אַן אַנדערן גייסט אין די היימישע עשירים פון שטעטל, און אַלע האָבן אָנגעהויבן צו געבן גאַנץ שיינע נתינות אויף צדקה, און אפילו די וואָס האָבן נישט גע־וואָלט געבן האָבן אויך געמוזט אַנדערש ווערן ווי ביז היינט, ווייל עס האָט דאָך זיי נישט געפּאַסט, סטייטש, אַזאַ יינגער יהודי אַ פרעמדער וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען זאָל הייסן דער גאַנצער בעל־צדקה אין שטעטל.

מער פון אַ יאָר איז דער אידעלער יהודי געזעסן און גע־לערנט מיט גרויס געשמאַק און חשק די הייליקע תורה, נישט איינמאָל האָט דער יצר־הרע געשיקט זיינע שליחים און גע־פּרווט אים צו שטערן פון דעם לערנען. פון מאָל צו מאָל האָט מען אים אַלץ דערציילט פון פאַרשידענע שאָדנס וואָס זיינע איינגעשטעלטע אַרבעטן אים אָן אין די געשעפטן, זיינע גוטע פריינד האָבן אים טאַקע מיט אַן ערנסטקייט געבעטן דאָס ער זאָל רחמנות האָבן אויף זיין פאַרמעגן כל זמן ער האָט נאָך אויף וואָס רחמנות צו האָבן ווייל פון טאָג צו טאָג גייט אים אַלץ מער לאיבוד. אָבער דער יהודי האָט זיך געהאַלטן ווי אַ פעלדזן, ער איז געזעסן און געלערנט און גאָרנישט איז אים נישט אָנגע־גאַנגען, אפילו איין שיעור האָט ער נישט מבטל געווען. ביים סוף האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן אַז דאָס לערנען האָט אים גאָרנישט געשאַט, און די אַלע שוואַרצע נביאות׳ן פון זיינע גו־טע פריינד וואָס דער יצר־הרע האָט זיי אונטערגעשיקט זענען נישט מקוים געוואָרן, נאָך דעם ערשטן יאָר זענען זיינע גע־שעפטן געווען די גרעסטע און בעסטע אין דער גאַנצער אומ־געגענד.

צוקוקנדיק דעם יהודי׳ס הצלחה וואָס איז ממש געווען למעלה מדרך־הטבע, האָט זיך אָנגעצינדן אין די הערצער פון עטלעכע עשירים פון שטעטל אַ פייער פון קנאה אויף דעם יהודי, יעדע פּרוטה וואָס דער יהודי האָט פאַרדינט האָט זיך זיי אויסגעדאַכט אַז ער נעמט דאָס אַרויס פון זייער טאַש, עקסטער האָבן זיי אים מקנא געווען מיט דעם געטריישאַפט און איבערגעבנקייט וואָס אַלע זיינע איינגעשטעלטע און אַרבעטער האָבן צו אים געהאַט. אין די הערצער פון די עשירים האָט שוין געברענט פון לאַנג אַ שנאה אויף דעם יהודי, ווייל צוליב אים האָבן זיי דאָך אויך געמוזט געבן גאַנץ שיינע נתינות אויף צדקה, וואָס

זיי האָבן קיינמאָל נישט געטאָן ביז ווען ער איז געקומען. און זיי האָבן געזען אַז עס גיט גאָר קיין עק נישט מיט דעם יהודי, אַלץ גייען אים די געשעפטן בעסער און בעסער און אַלץ גיט ער גרעסערע און גרעסערע נתינות אויף צדקות, און בײדע זאַכן האָט זיי געשטאָכן ווי מיט פייערדיקע נאָדלען, אויך דאָס וואָס ער פאַרדינט אַזוי גוט, און אויך דאָס וואָס ער גיט אַזויפיל צדקה. דעריבער האָבן זיי זיך גענומען זוכן מיטלען וויאַזוי אים פטור צו ווערן פון שטעטל. קודם האָבן זיי געוואָלט אַז דער רב זאָל מיט אים אויפהערן דעם שיעור וואָס ער לערנט מיט אים יעדן טאָג, זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז מיט דעם וועלן זיי אים גורם זיין אַ גרויסן צער, און אפשר וועט ער צוליב דעם אַוועק פונעם שטעטל.

אין אַ פרייטיק נאָכמיטאָג ווען דער רב איז געווען פאַרנומען מיט זיך צוגרייטן צום שבת, זענען אַרייַנגעקומען צום רב די פּאָר עשירים וואָס האָבן געזוכט עפּעס אָפּצוטאָן דעם יהודי, זיי האָבן געוווּסט אַז פרייטיק נאָכמיטאָג האָט דאָך דער רב נישט קיין צייט מיט זיי מאריך זיין וועט ער זיי געוויס נאָכגעבן וואָס זיי וועלן ביי אים פאַרלאַנגען, האָבן זיי אים קורץ געזאָגט אַז זיי פאַרלאַנגען פון אים ער זאָל מוחל זיין און אָפּהאַקן די שיעו־רים וועלכע ער האָט מיט דעם יהודי, ווייל זייט דער רב לערנט מיט דעם יהודי האָט ער איינגאַנצן אָפּגעלאָזט אַלע עניים פון דער קהילה, און ער קוקט זיך אויף גאָרנישט אים. די גאַנצע צייט פאַרברענגט ער נאָר מיט דעם יהודי׳ס לערנען.

דער אַלטער רב איז אָבער געווען אַ גרויסער חכם, האָט ער גאַנץ גוט פאַרשטאַנען אַז די עשירים וואָס זענען צו אים גע־קומען אינטערעסירט גאַנץ ווייניק די אינטערעסן פון דער קהילה, און אויך האָט ער דאָך געוווּסט ביי זיך אַז זייערע טע־נות זענען נישט ריכטיק, ווייל למעשה האָט ער זיך דאָך נישט

געפירט אַנדערש זייט דער יהודי איז געקומען ווי פריער. האָט ער זיי אָפן געזאָגט, איך פאַרשיי דאָס נישט אינגאַנצן די עניני קהילה טוט איך אַזוי וויי, נאָר עס שמעקט איך נישט אַזוי שטאַרק וואָס איך לערן צוזאַמען מיט דעם יהודי, ווייל טיף אין אייער הארץ ברענט אַ פייער פון קנאה און שנאה קעגן דעם יהודי צוליב דעם וואָס זיינע מסחרים זענען אַזוי מצליח. כדי איר זאָלט נישט ברויכן האָבן אויף אים קיין קנאה וועל איך אייך אויך געבן די עצה און סגולה צו עשירות וואָס דער יהודי נוצט, און אַז איר וועט אויך אַזוי מצליח זיין ממילא וועט איר אים נישט ברויכן מקנא זיין.

מיט אומגעדולד האָבן שוין די עטלעכע עשירים געוואַרט אויף דער סגולה וואָס דער רב וועט זיי דאָ איצט געבן. דער רב גייט צו צו דער גרויסער ספרים שאַנק וואָס איז געווען פול מיט ספרים וואָס זענען געווען געשריבן אויף אַלטן פאַרמעט, און נעמט אַרויס אַ ספר פון שאַפע. נעמענדיק דעם ספר זאָגט ער ווי צו זיך אַליין, כאָטש עס איז היינט ערב־שבת און מ׳ברויך זיך שוין גרייטן צו דעם הייליקן שבת, וועל איך נישט קוקן דערויף און כדי אַרויסצונעמען די געפערלעכע אומשול־דיקע שנאה וואָס זיי האָבן קעגן דעם ערלעכן יהודי וועל איך טאָן אַלעס וואָס איז מיר נאָר מעגלעך. דער רב קומט צוריק פון שאַפע מיטן ספר „מלאכי" אין די הענט, ער מישט אויף קאַפיטל ג׳ פסוק י׳, און זאָגט : הערט אייך גוט איין אין די הייליקע ווערטער פון דעם נביא מלאכי וואָס ער זאָגט אין נאָ־מען פון גאָט, „ובחנוני נא בזאת, אמר ה׳ וגו׳", השי״ת בעט זיך ביי יידישע קינדער „פרוווט מיך דאָך אויס מיט דעם, איר זאָלט געבן אַ צענט חלק צו גאָט, וועט איר זען ווי איך וועל אייך אויסלערן אַ ברכה גאַר אָן מאָס". אָט דאָס איז די קינסטלעכע סגולה — רופט אויס דעם רב — אָט די סגולה נוצט

דער יהודי, ער גיט פון אַלע זיינע פאַרדינסטן אַ צענט חלק אויף צדקה. און דאַדורך איז ער אַזוי שיין מצליח. איצט גיב איך אייך אויך איבער די סגולה, און איך בעט זיך ביי אייך, ניצט זי אויס, פון אַלע צען רענדלעך וואָס איר וועט פאַרדינען זאָלט איר גלייך אַראָפּ נעמען איינס אויף צדקה, וועט איר קלאָר זען ווי אייער הצלחה וועט שיינען ווי די ליכטיקע זון אין מיטן תמוז, און איך זאָג אייך אָן דאָס איר זאָלט אייך נישט לאָזן פאַרפירן פון דעם יצר־הרע וואָס עסט אייך אַריין אין האַרץ אַ פאַלשע און אומזיסטיקע שנאה און קנאה קעגן דעם יהודי, ווייל אויב איר וועט נאָכגיין נאָך דעם יצר־הרע וועט איר האָבן אַ שרעקלעכן סוף.

די געטרייער און פייערדיקע ווערטער פון דעם אַלטן ערלעכן רב האָבן אַ ביסל אָפּגעשטילט די עשירים, אָבער נאָר אויף אַ קורצע צייט. דער יצר־הרע האָט זיי אָנגערעט דאָס זיי זאָלן זיך אויסלאַכן פון דער עצה און סגולה וואָס דער רב האָט זיי געגעבן. אַז עס איז אַריבער אַפּאָר וואָכן האָט אין זיי ווי־דער אָנגעהויבן צו ברענען די קנאה, און עס האָט זיי נאָך גע־אַרט דאָס אפילו אַזאַ קלייניקייט אַז דער רב זאָל מבטל זיין מיט אים דעם שיעור האָבן זיי אויך נישט געקאָנט אויספירן. ווי מער זיי האָבן אַריין געטראַכט אין דער הצלחה פון דעם יהודי איז אין זייער האַרץ די שנאה אַלץ גרעסער געוואָרן, עס איז אַזוי ווייט צו געקומען אַז זיי האָבן נישט געקאָנט שלאָפן ביי נאַכט, זייער לעבן איז זיי פשוט נמאס געוואָרן, טאָג און נאַכט האָבן זיי נאָר געטראַכט און געפּלאַנעוועט וויאַזוי דעם יהודי פטור צו ווערן. ענדלעך ענדלעך, נאָך פּלאַנען אָן אַ צאָל האָבן זיי באַשלאָסן אויף איין פּלאַן, וועלכער איז געווען גאָר אַ שרעקלעכער און אָן אכזריות׳דיקער, אָבער די בלינדע פאַלשע קנאה און שנאה קעגן דעם יהודי האָט זיי אַראָפּגעפירט אויף

אַזאַ נידעריקע מדרגה און האָט פון זיי אויסגעגעסן דאָס לעצ־טע שטיקל מענטשלעכע האַרץ, אַז זיי זענען שוין אומשטאַנד געווען דאָס שרעקלעכסטע און דאָס ערגסטע צו טאָן אַבי פּטור צו ווערן פון דעם יהודי. כדי צו שטילן זייער ברען פון קנאה, האָבן זיי זיך פאַרבונדן מיט אַ חברה ים־גזלנים, און זיי האָבן זיי צוגעזאָגט אַ גרויסן סכום געלט כדי זיי זאָלן דעם יהודי אַוועק פירן ערגעץ אין אַן עק־וועלט מדינה.

ג.

צווישן די געמיינע עשירים האָט זיך געפינען איין עושר מיטן נאָמען „שלומיאל", דער שלומיאל איז געווען אַ מענטש פול מיט כוונות־טובות, שטענדיק האָט ער נאָר געוואָלט גוטס טאָן אויף דער וועלט. נאָר אָבער אַזוי ווי ער איז געווען אַ גרויסער פּחדן, ער האָט זיך שטענדיק געשראָקן אַז ער פאַרלירט זיין גאַנץ עשירות און ווערט אַן אָרעמאַן, און אַזוי ווי צוליב זיין מסחר איז ער געווען פאַרבונדן מיט די געמיינע עשירים, האָט ער שטענדיק מיטגעהאָלפן מיט זייערע געמיינע מעשים, ער האָט זיך אַלץ געשראָקן אַז אויב ער וועט נישט מיטהעלפן מיט זיי וועלן זיי אויפהערן צו האַנדלען מיט אים, און ער וועט פאַר־לירן זיין עשירות. פיל מאָל האָט ער צוגעזאָגט דעם אַלטן רב אַז ער וועט זיך אָפּלאָזן פון די געמיינע עשירים און וועט זיך באַהעפטן מיט די איידעלע עשירים פון שטעטל, אָבער עס איז אַלץ געבליבן ביים צוזאָגן, ווייל ווען עס איז געקומען למעשה האָט ער זיך געשראָקן אַז מיט די איידעלע עשירים וועט ער נישט מצליח זיין ווי מיט די חברה וואָס ער האָט ביז היינט גע־האַנדלט.

ווען די געמיינע עשירים האָבן אָנגעהויבן זייערע פּלאַנען קעגן דעם יהודי, האָבן זיי אויך אַריינגעבראַכט אַ גרויסע שנאה

אין שלומיאל'ן קעגן דעם יהודי. און ביי אַלע זייערע באַראַ־טונגען קעגן דעם יהודי האָט שלומיאל אויך טייל גענומען גלייך מיט אַ צווייטן. אָבער ווען זיי האָבן אויסגעפינען דעם נידעריקן פּלאַן פון די ים־גזלנים, האָט זיך אין שלומיאל'ן דערוועקט אַ ביסל אַ מענטשלעך געפיל און ער האָט זיך שטאַרק אַנטקעגנגעשטעלט קעגן דעם פּלאַן, ער האָט געזאָגט ווי קאָנען יידן מיט זייערע הענט איבערגעבן זייער אַ ברודער צום זיכערן טויט, אָבער די איבעריקע סוחרים האָבן זיך נישט גערעכנט מיט זיין מיינונג, נאָר זיי זענען צוגעגאַנגען אויספירן דעם פּלאַן, און כדי אָפּצושטילן שלומיל'ן האָבן זיי זיך אויס־געהאַנדלט מיט די ים־גזלנים אַז זיי זאָלן דעם יהודי נישט הרגענען מיט זייערע הענט, און אים נישט פאַרקויפן צו די מענטשן־פרעסערס, נאָר זיי זאָלן אים אַוועקפירן ערגעץ אין עק וועלט מדינה. שלומיאל איז געווען אויך קעגן דעם, נאָר ער האָט נישט געהאַט קיין עצה, ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אין זיינע געדאַנקען וויאַזוי ער וועט אויסזען אויב ער וועט זיך צעקריגן מיט די עשירים, ער האָט זיך שוין געזען גייענדיק פון הויז צו הויז נאָך אַ שטיקל ברויט, דעריבער האָט ער קעגן זיין ווילן מסכים געווען מיט דעם פּלאַן פון די עשרים, און ער האָט אויך צו שטייער געגעבן אַ היפשן סכום געלט צו דעם פאַרברעכן.

די עשירים האָבן גאַנץ גוט געקענט שלומיאל'ן, זיי האָבן גע־וווסט, אַז אויב ער וועט וויסן ווען מ'דאַרף די זאַך אַדורכפירן וועט ער דאָס נישט קאָנען אַריבערטראָגן, האָבן זיי ביי זיך באַשלאָסן אַז זיי זאָלן פאַרהוילן פון אים ווען דאָס דאַרף גע־שען. זיי האָבן אים געזאָגט אַז עס וועט נאָך אַריבערגיין אַ לאַנגע צייט ביז פון דעם פּלאַן וועט עפּעס זיין למעשה.

זייט שלומיאל האָט באַצאָלט זיין חלק צו דעם פאַרברעכן

איז ער געוואָרן אויס מענטש, זיינע געדאַנקען האָבן אים גע־פייניקט טאָג און נאַכט, ער האָט אַלץ געטראַכט אַז מיט זיין געלט וועט איצט ווערן אָפּגעטאָן אַזאַ שרעקלעכע אכזריות'דיקע זאַך וואָס אפילו אַ גוי טוט עס נישט אַ צווייטן, און דאָ וועט דאָס געטאָן ווערן אַן ערלעכן יהודי, און פאַר וואָס? ממש בחינם. ווען איך וואָלט דאָס געוווסט פון אַ צווייטן אַז ער טוט דאָס אָפּ, וואָלט איך אים געוויס געהאַלטן פאַר אַ גזלן, און איצט גיי איך אַליין דאָס טאָן. נאָך פיל אַריינטראַכטן איבער די נעכט האָט ער באַשלאָסן ביי זיך דאָס איינמאָל מוז ער שוין אין זיין לעבן טאָן אַ גוטע זאַך, אפילו עס זאָל אים ברויכן קאָסטן זיין גאַנץ פאַרמעגן, סוף כל סוף אַזאַ געלעגנהייט צו ראַטעווען אַ יהודי, און דערצו אַזאַ יהודי, טרעפט זיך נישט אַ יעדן טאָג, ער שטייט אויף אינדערפרי פון זיין בעט און וואַשט זיך די הענט און דערנאָך נעמט ער דאָס סידור'ל אין די הענט און שווערט אַז היינט ביינאַכט וועט ער אויסזאָגן דעם יהודי וואָס מ'וויל אים אָפּטאָן. דאָס איז געווען מיטוואָך פרי.

אין דעם זעלבן מיטוואָך נאָך מיטאָג קומען אריין אין דער שול ווי דער יהודי איז געזעסן און געלערנט מיט גרויס גע־שמאַק עטלעכע עשירים, דער יהודי האָט נישט באַמערקט אַז עמיצער איז אַריינגעקומען אין בית־המדרש, ער האָט זיך ווייטער געלערנט, די עשירים גייען צו צו אים און זאָגן אים, רבי יהודי! מיר ווילן מיט אייך גאָר אַ חשובע זאַך דורכשמועסן. דער יהודי קוקט אַרויס מיט זיינע שיינע אויגן פון דער גמרא צו זיי, און ווייזנדיק מיט דער האַנט זאָגט ער, נאַ? ווי איינער זאָגט, וואָס ווילט איר?

— עס פּאַסט אייך גאָרנישט מיט אונז צו רעדן? זאָגט מיט גרויס כעס איינער פון דער חברה, מיר זענען טאַקע נישט אַזעלכע גרויסע עשירים ווי איר זענט, אָבער מיר זענען דאָך

מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פון אייך מעגט איר אַזויפיל דרך־ארץ האָבן פאַר אונז אַז מיר האָבן איינמאָל אין לעבן אַ וויכטיקע זאַך מיט אייך דורכצושמועסן זאָלט איר אייך נישט וויזן פאַר אַזאַ גרויסן מתמיד, און קומען מיט אונז אַרויס פון בית־המדרש.

דער יהודי גיט אַ קוק אויף זיי און טראַכט זיך איבער וואָס ער זאָל דאָ טאָן, זאָל איך מפסיק זיין פון לערנען און גיין מיט זיי רעדן, זאָגט דאָך די הייליקע גמרא „כל הפוסק מדברי תורה מאכילין אותו גחלי רתמים" (ע"ז ג׳, ב׳) דאָס הייסט, ווער עס איז מפסיק אין מיטן לערנען, עסט מען אים אָן מיט הייסע ברענענדיקע קוילן. ווידער זאָל איך נישט מפסיק זיין און זיי זאָגן אַז זיי זאָלן קומען דעם אַנדערן טאָג מיטאָג, נאָכדעם ווען איך וועל ענדיקן דעם שיעור מיטן רב, ווייל דעמאָלט האָב איך אַ שעה פריי אָן אַ שיעור, וועט דאָך ווערן זייער כעס צו מיר פיל שטאַרקער. ווי ער טראַכט אַזוי און קאָן זיך קיין עצה נישט געבן, גיט איינער פון דער חברה אַ זאָג צו אים, רבי יהודי! וואָס טראַכט איר אַזויפיל אַריין? זאָגט אָפן אַז איר ווילט נישט מיט אונז רעדן! און לאָזט אונז נישט אַזויפיל בחינם וואַרטן. דער יהודי קוקט אויף זייערע פייערדיקע אויגן, וואָס האָבן געברענט ווי אַ קאַלך אויוון פון שנאה, און מיט גרויס ווייטאָק פאַרמאַכט ער די גמרא און גייט אַרויס פון בית־המדרש רעדן מיט דער חברה געמיינע עשירים.

וואָלט דער יהודי זיך געהאַלטן ביי זיין ערשטן געדאַנק, און וואָלט נישט פאַרמאַכט די גמרא, נאָר ער וואָלט זיי געזאָגט אַז ביז מאָרגן קאָן ער מיט זיי בשום אופן נישט רעדן, וואָלט ער געוויס אויסגעהיטן געוואָרן פון די פילע שרעקלעכע צרות וואָס זענען אויף אים געקומען נאָכדעם, ווייל שלומיאל וואָלט דאָך אים בייגאַכט אַלעס פינקטלעך דערציילט וואָס די עשירים ווילן פון אים. אָבער אַזוי ווי ער האָט דאָך יאָ פאַרמאַכט די

גמרא און איז גלייך געגאַנגען רעדן מיט די עשירים, האָבן זיי אים פאַרשלעפּט צום פּאַרט, זיי האָבן אים געזאָגט אַז זיי ווילן קויפן אַ גרויס הויז ביים פּאַרט, און אַזוי ווי דער יהודי איז דאָך אַ גרויסער מומחה אויף הייזער, ווילן זיי אַז ער זאָל דאָס הויז באַטראַכטן אויב עס איז אַ פעסט הויז און עס האַלט נישט ביים איינפאַלן. מיט גרויס איילעניש איז דער יהודי געגאַנגען ביז צום פּאַרט, דאָרט האָבן זיי אים געוויזן גאָר אַ גרויס הויז עס איז אים אפילו געווען אַ וואונדער פון ווי פאַרמאָגן זיי אַזאַ גרויס פאַרמעגן אָפּצוקויפן אַזאַ ריזיק הויז, אָבער דאָס איז דאָך אים נישט אָנגעגאַנגען, ער נעמט זיך באַטראַכטן דאָס הויז פון אַלע זייטן.

ווי ער שטייט אַזוי און קוקט אויפן הויז פון אַלע זייטן, קומען צו עטלעכע געזונטע הויכע גויים און ווייזן אים פאַרשידענע שפּאַלטנס אין די ווענט, זיי זאָגן דעם יהודי אַז זיי געדענקען נאָך ווען מ'האָט געבויעט דאָס הויז, דער יהודי, וואָס האָט געוואָלט די עשירים געבן אַ ריכטיקע עצה, פרעגט זיך נאָך ביי די גויים פון וועלכן באַרג מ'האָט אויסגעהאַקט די שטיינער צום הויז, ווייל פון דעם וועט ער וויסן די שטאַרקייט פון הויז. ווי דער יהודי רעדט אַזוי מיט די גויים זענען די עשירים פאַרשוואונדן געוואָרן. דער דאַך — זאָגט אַ גוי צום יהודי — איז פון גאָר שוואַכע סחורה געמאַכט געוואָרן, איין גוטער שטורעם ווינט קאָן אים אַראָפּטראָגן. דערביי האָט ער געוויזן ווי עס איז שוין דאָ אַ גרויסער שפּאַלטן אויף דעם דאַך. ווי דער יהודי קוקט אַרויף אויפן דאַך, פילט ער פלוצים ווי זיין פנים איז צוגעדעקט געוואָרן מיט אַ גרויסער טיך. גלייך זענען אים פעסט צוגעבונדן געוואָרן די הענט און די פוס, דאָס מויל איז אים פאַרשטאָפּט געוואָרן, און די חברה האָבן אים אַריינגעשלעפּט אין אַ שטיבל פון דעם הויכן הויז. דער יהודי וואָס אויף זיינע

געדאַנקען האָט נישט געקאָנט קומען אַז דאָס האָבן אים די עשירים אָפּגעטאָן, האָט נעבעך געהאַפּט אַז באַלד וועלן די עשירים צוריקקומען און אַז זיי וועלן אים נישט געפינען וועלן זיי מאַכן אַ רעש. אָבער זיין האָפענונג איז נעבעך געווען אַ פאַלשע.

די עשירים האָבן געוואָרנט די ים־גזלנים אַז דאָס פאַרשווינדן ווערן פון דעם יהודי וועט מאַכן אַ גרויסן רעש אין שטעטל, און אַז דער יהודי איז אַן אויסערגעוויינטלעכער חכם, דעריבער זאָלן זיי זיך היטן פאַר אים. ביז פאַרנאַכט איז דער יהודי דאָרט געווען אין דעם שטיבל, נאָכדעם האָבן זיי אים אַרויפגעטראָגן אויף דעם קליינעם שיפל און געמאַכט מיט אים די פליטה.

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דעם שטעטל ווען מ׳האָט דערזען אַז דער יהודי איז פאַרשוווּנדן געוואָרן איז מען נישט אימשטאַנד צו באַשרייבן. דער יהודי איז אַזוי באַליבט געווען ביי יעדן אין די אויגן אַז אפילו קליינע קינדער האָבן נאָך אים געוויינט מיט ביטערע טרערן, ווער שמועסט די פילע יהודים וואָס ער האָט פון די ביטערע אַרבעט פון פאָרט דערהויבן, און ווער שמועסט די יתומים וואָס ער איז געווען זייער פאָטער, די אָרעמע כלות וואָס ער האָט חתונה געמאַכט, און ווער קאָן זיך פאַרשטעלן וויאַזוי דער אַלטער רב האָט צום האַרץ גענומען די טרויעריקע ידיעה. דאָס ערשטע האָט ער דאָס טאַקע באַ־מערקט אַז דער יהודי איז נישטאָ, גלייך ביינאַכט ווען דער רב איז געקומען אין שול צו מנחה־מעריב און ער האָט געזען אַז דער יהודי איז נישט דאָ האָט ער פאַרשטאַנען אַז עס איז עפּעס מיט אים געשען, ווייל אין דער גאַנצער צייט זייט ער איז געקו־מען אין שטעטל האָט ער נאָך קיין איינמאָל נישט פאַרפעלט קיין תפילה־בציבור, קודם האָט דער רב געקלערט אַז ער איז נישט געזונט, איז ער אַליין געגאַנגען נאָך מנחה־מעריב אים מבקר־



דאָס שיפל דערווייטערט זיך צום אָפענעם ים

חולה זיין, אַז ער האָט געפינען זיין הויז פאַרשלאָסן, האָט אים שוין אָנגעהויבן צו קלאַפּן דאָס האַרץ, גלייך האָט דער אַלטער רב געמאַכט אַזאַ רעש אין שטעטל אַז אַלע יהודים האָבן זיך געמוזט נעמען אים זוכן. וואָכן לאַנג האָט נעבעך דער אַלטער רב געוויינט אָן אויפהער, מיין פריינד! מיין גוטער חבר! וואָס די שענסטע טעג אין מיין לעבן זענען געווען די טעג וואָס איך האָב מיט דיר צוזאַמען געלערנט, ווּ ביזטו פאַרשווּנדן גע־

וואָרן, ווער האָט דיך פון מיר אויף מיין עלטער אַוועקגעריסן.
— האָט ער אַלץ מיט אַ האַרצרייסנדיקער שטימע געשריגן.

די עשירים וועלכע האָבן דאָס גאַנצע אומגליק געבראַכט האָט שוין גענוג לייד געטאָן ווען זיי האָבן געזען דעם גרויסן צער פון אַלע מענטשן אין שטעטל, ווי יעדער קלאָגט און וויינט נאָך אים, עקסטער האָבן זיי זיך געשראָקן וועגן שלומיאל׳ן, ווייל ווי דער שלומיאל האָט דאָ דערזען וואָס עס טוט זיך אין שטעטל איז ער געוואָרן אויס מענטש. ער האָט געחלומט בייזע חלומות, איינמאָל קומט ער מיט אַ חלום אַז ער האָט געזען ווי די אַלע עשירים, וואָס האָבן אַ חלק אין דעם יהודי׳ס פאַרקויפן, ליגן אויפן שיף פון די ים־גזלנים וואָס זיי האָבן דעם יהודי פאַר זיי פאַרקויפט, און מ׳האַקט זיי און מ׳שלאָגט זיי גאָר אָן רחמנות, און מ׳פירט זיי צו די מענטשן־פרעסערס. שלומיאל האָט גע־זאָגט פאַר די עשירים אַז ער האָט דאָס אַזוי קלאָר געזען אין חלום אַז ער איז זיכער דאָס אויב ער וועט נישט בעטן עפּעס אַ „תשובה" ביי דעם רב, וועט דאָס אויף אים קומען. ער האָט זיי געזאָגט אַז ער גייט שוין אַוועק צום אַלטן רב זיך מתוודה זיין פאַר אים. קוים קוים האָבן אים די עשירים אָפּגע־האַלטן דערפון, זיי האָבן אים געזאָגט אַז אויב ער וועט דאָס דערציילן דעם רב, וועלן זיי אַלצדינג דערציילן דער רעגירונג און מ׳וועט זיי אַלע הענגען. אַזוי אַרום האָבן זיי אים איינגע־האַלטן. קודם האָבן די עשירים געמיינט אַז ביז אַפּאָר טעג וועלן זיך די מענטשן באַרואיקן וועט שלומיאל אויך רואיקער ווערן, אָבער אַז עס איז אַריבער עטלעכע וואָכן און דאָס גע־טרויער אין שטעטל איז נישט שוואַכער געוואָרן, האָבן זיי גע־זען דאָס אויב שלומיאל וועט בלייבן אין שטעטל וועט ער אַראָפּ פון זינען און ער וועט אַלצדינג דערציילן, דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן אַז זיי מוזן אַוועקפאָרן איבער דער וועלט אויף עט־

לעכע חדשים, און איבער דער צייט וועט זיך קודם האָבן שלו־
מיאל אַליין אַביסל באַרואיקט, און אויך די איינוווינער פון
שטעטל וועלן געוויס איבער אַזאַ לאַנגע צייט שוין האָבן אַביסל
פאַרגעסן פון דעם אומגליק. זיי האָבן נישט געמאַכט קיין גרוי־
סע הכנות און ביז אַ וואָך זענען זיי שוין געווען גרייט צו דער
נסיעה, שלומיאל האָט קודם נישט געוואָלט מיטפאָרן, ער האָט
זיך געשראָקן וועגן זיינע חלומות, אָבער די עשירים האָבן דאָך
שוין געהאַט צו אים אַ מיטל, זיי האָבן אים געזאָגט אַז אויב
ער קומט נישט מיט זיי לאָזן זיי איבער אַ בריוו צו דער
רעגירונג ווער עס האָט אָפּגעטאָן די גאַנצע מעשה, און זיי וואָס
וועלן זיין אין דער גרויסער וועלט וועט גאָרנישט שאַטן, ווייל
זיי וועלן שוין מער נישט צוריקקומען, און ער, שלומיאל, וועט
געהאַנגען ווערן. שלומיאל וואָס איז געווען ביי דער נאַטור
אַ גרויסער פּחדן האָט נעבעך נישט געהאַט קיין ברירה און ער
האָט געמוזט מסכים זיין צו דער נסיעה. און מיט אַ גרויסער
סוחרישער שיף זענען זיי אַוועקגעפאָרן איבער דער גרויסער
וועלט אויף אַ נסיעה פון עטלעכע חדשים. זיי האָבן זיך מיט־
גענומען זייער גאַנץ פאַרמעגן מיט זיך.

די צייט איז שטאַרקער פון אַלעמען, וואָכן און חדשים זענען
אַריבער זייט דער יהודי איז פאַרשווינדן געוואָרן און מ׳האָט
פון אים נישט געהערט קיין זכר. צוביסלעך האָבן זיך אָנגע־
הויבן די מענטשן אין שטעטל צוגעוווינען צו דעם געדאַנק אַז
דער יהודי איז נישטאָ. עס האָט יעדן וויי געטאָן, אָבער אַ
מענטש איז דאָך פאָרט אַ מענטש. נאָר ביים רב אין שטוב
דאָרט האָט די צייט וואָס איז אַריבער קיין שום רושם נישט
געמאַכט, און טאָמער האָט זיך שוין דער אַלטער רב אַביסל באַ־
רואיקט, האָט ער דאָך ביי זיך געהאַט דאָס מיידל וואָס איז גע־
קומען מיט דער זעלבער שיף וואָס דער יהודי איז געקומען,

האָט זי אים דערמאָנט. זי האָט איין טאָג נישט אויפגעהערט צו וויינען, זי פלעג אַלץ צו שרייען, זאָלן טאַקע אַלע וויסן אַז איך בין דער גאַנצער שולד אין דעם יהודי'ס פאַרשווינדן ווערן, טאַקע נאָר איך און נישט אַ צווייטער, ווייל נאָר צוליב מיר האָבן די שרעקלעכע ריזן אים צוגערויבט. אָבער איך וועל נישט רוען, האָט זי אַלץ געשריגן, איך וועל דיר נאָכלויפן ביז צום ריזן אינדזל, זאָלן מיר כאָטש צוזאַמען געהרגעט ווערן. די מענטשן פון שטעטל וואָס האָבן נישט געוווּסט וואָס זי רעדט, זענען געווען זיכער אַז פון פיל וויינען און קלאָגן איז זי נעבעך באַרירט געוואָרן ביים שכל, און זי אַליין ווייס נישט וואָס זי רעדט, יעדער האָט אויף איר שטאַרק רחמנות געהאַט, אָבער קיינער האָט איר נעבעך נישט געקאָנט העלפן מער ווי אַ קרעכץ געבן פון טיפן האַרץ, צוקוקנדיק ווי אַזאַ ייִנג קינד איז אויף אַזאַ טרויעריקן אופן צוגרונט געגאַנגען, צוליב דעם שרעקלעכן אומגליק וואָס האָט געטראָפן דעם שטעטל, אַז עס איז פון זיי אַוועקגעריסן געוואָרן דער יהודי.

ד.

ווען די גזלנים אויפן אַלטן קריגס־שיף האָבן געענדיקט זייער שפּיל, האָבן זיך שוין אַרויסגעוויזן די ערשטע שטראַלן פון דעם פרי־מאָרגן. איידער זיי זענען געגאַנגען שלאָפן זאָגט דער ראש הגזלנים צו די איבעריקע גזלנים, אויב דער געבונ־דענער איז טאַקע אַזאַ חכם טראַכט איך דאָס מיר וועלן נאָך קאָנען פון אים פיל נוצן אַרויסנעמען, איך וועל אים נעמען פאַר אַ יועץ, און ווען מיר וועלן זיך נויטיקן אין אַ קלוגער עצה וועט ער אונדז מיט זיין חכמה אַרויסהעלפן. נאָר קודם מוזן מיר זען צי ער איז טאַקע אַזאַ חכם ווי מ'זאָגט, און אפילו ווען יאָ, וועט נאָך אַריבער אַ לאַנגע צייט ביז מיר וועלן פון אים קאָנען אַ

הנאה האָבן, מיר מוזן אים צוערשט ווייזן אַביסל געטריישאַפט, כדי דאָס ער זאָל זיך צו אונז צולאָזן. די איבעריקע גזלנים האָבן איינגעשטימט צו דער עצה פון דעם ראש־הגזלנים. זיי האָבן געזאָגט הלוואי עס זאָל אונז נאָר געלונגען. דער ראש הגזלנים האָט געגעבן אַ באַפעל דאָס מ׳זאָל אַראָפּ נעמען די קייטן פון דעם געבונדענעם.

אַז מ׳האָט פון דעם יהודי אַראָפּגעהאַקט די שווערע קייטן פון זיינע הענט און פוס, איז אים אַביסל לייכטער געוואָרן, און די שרעקלעכע קאָפּשמערצן האָבן אים אַביסל נאָכגעלאָזט. ער עפנט זיינע אויגן און קוקט זיך אַרום, זעט ער ווי אויף דעם האַלב צעבראָכענעם קאַסטן וואָס האָט געדינט אַלץ טיש איז געלעגן צעוואָרפן די קאָרטן. אַרום דעם טיש אויפן דעק פונעם שיף זענען געלעגן ליידיקע און צעבראָכענע פלעשער, פון אַלעם האָט זיך געפילט אַ גערוך פון שימל, און אַלעס איז געווען באַדעקט מיט אַ דיקער דעק פון שטויב. דאָס גאַנצע געשטעל האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ שריפה. פון דעם געשטאַלט וואָס דאָס שיף האָט געהאַט האָט זיך שוין דער יהודי פאָרגעשטעלט וואָס פאַראַ בעלי־בתים ער האָט דאָ באַקומען, און אין וועמענס הענט ער געפינט זיך.

אַ האַרץ רייסעניש האָט אים אָנגעכאַפּט ווען ער האָט זיך איבעררעכנט אין וואָס פאַראַ מצב ער געפינט זיך. ערשט איצט האָט ער אָנגעהויבן צו פילן די ווייטאָג אין די הענט און אין די פוס ווי די קייטן זענען אים געלעגן. ער הייבט זיך אויף און גייט צו צו דעם ברעג פונעם שיף. עס איז שוין געווען אַ שעה אין טאָג, אָבער דער גאַנצער ים איז נאָך געווען איינגעהילט איז אַ דיקער דעק פון אַ געדעכטן נעפּל. אין אַלע זייטן איז געווען שטיל און רואיק עס הערט זיך נישט אפילו דאָס שיינע געזאַנג פון די פייגל וואָס פלעגט זיך הערן אין לודקיאַ יעדן

פרי־מאָרגן, די שאַרפע קעלט האָט אַלעס פאַריאָגט, פאַר זיינע אויגן האָט ער נאָר געזען דעם נעפּל, און זיינע אוירן האָבן נאָר געהערט דאָס גערויש פון ים. די פרישע נאַסע לופט וואָס האָט אַלץ אַרויף געקלאַפּט צו אים ווען איין וואַל האָט זיך געוואָרפן אויפן צווייטן, האָט אים אַביסל באַרואיקט און פאַרגרינגערט די שמערצן, אָבער ווי קלאָרער זיין קאָפּ איז געוואָרן, האָט ער אַלץ מער און מער געזען זיין אומגליק וואָס האָט מיט אים פּאַסירט. ערשט פריער — טראַכט ער זיך — בין איך נאָך געווען און אַזוי געשמאַק מיט אַזאַ גרויסער הנאה געלערנט די הייליקע תורה, ערשט פריער בין איך געווען איינער פון די גרויסע עשירים אין שטעטל, און איצט ליג איך דאָ פאַרשוואַרצט ביי די גזלנים צוגעגרייט פאַרקויפט צו ווערן פאַר די מענטשן־פרעסערס. אַזוי אַריין טראַכטנדיק אין זיין ביטערן מצב, זאָגט ער ווי צו זיך אַליין, אוי! ווי ריכטיק זענען די הייליקע ווערטער פון דער גמרא וואָס זי זאָגט דאָס ווער עס איז מפסיק אין מיטן לערנען עסט מען אים אָן מיט הייסע ברענענדיקע קוילן. אָט — טראַכט ער זיך — דאָס זענען די הייסע קוילן, זיי ברענען ביים האַרץ. אַזוי זעט דאָס אויס אויף דער וועלט, און ווער ווייס וויאַזוי עס וועט נאָך אויסזען אויף יענער וועלט. דער יהודי האָט געפילט ביי זיך דאָס אויב ער וועט נאָך פיל אַריינטראַכטן אין זיין שווערן מצב וואָס ער געפינט זיך וועט ער נאָך חלילה אַריינפאַלן אין אַ פאַרצווייפלונג, דעריבער האָט ער זיך גענומען מיט גרויס כוונה זאָגן תהילים. זאָגנדיק איז ער אַריין געקומען אין אַזאַ התלהבות אַז ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן פון אַלע זיינע צרות.

נאָך אַ נסיעה פון אַ דריי טעג איז די שיף אָנגעקומען קיין אלכסנדריה פון מצרים. דאָ האָבן די גזלנים פאַרבראַכט ביי אַ צוויי וואָכן. זיי האָבן צוזאַמענגעקויפט פיל עסן אויף די וויי־

טערדיקע נסיעות. נאָך צוויי וואָכן אין אַ פרימאָרגן האָט זיך די שיף ווידער אַרויסגעלאָזט אויפן ים־הגדול, אַ גאַנצן טאָג און אַ אַגנצע נאַכט און דעם אַנדערן טאָג אַ גאַנצן טאָג איז די שיף געפאָרן מיט אַ שנעלקייט אויף דעם ים־הגדול, פאַרנאַכט האָט זיך די שיף אָפּגעשטעלט אין מיטן ים, זי האָט געוואַרט אַז עס זאָל טונקל ווערן. ווען עס איז שוין געווען גאָר פינצטער האָט זיך גענומען די שיף ווייטער פאָרן. נאָך אַ נסיעה פון אַ שעה איז די שיף אָנגעקומען צו אַ פּאָרט. דאָ האָט מען אין דער פינצטערניש אַרויפגעבראַכט ביי אַ דרייסיק מענטשן. גלייך ווי מ׳האָט זיי אַרויפגעבראַכט אויפן שיף האָט מען זיי מיט גרויס אכזריות אַריין געוואָרפן אין דעם אונטערשטן טייל פונעם שיף, צווישן די געפאַנגענע זענען אויך געווען עטלעכע יהודים. די געפאַנגענע האָבן נעבעך מיט ביטערע טרערן געוויינט און גע־קלאָגט, אָבער קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי. גלייך ווי מ׳האָט געענדיקט אַרויפברענגען די געפאַנגענע איז דאָס שיף ווייטער געפאָרן אין דער נאַכט־פינסטערנישט אַריין.

צו אַלע געפאַנגענע האָבן זיך די גזלנים אויפגעפירט מיט גרויס אכזריות, אָבער צו דעם יהודי פון לודקיאַ האָבן זיי זיך באַנומען מיט אַן איידלקייט, דער ראש־הגזלנים האָט אים גע־זאָגט אַז ער האָט שטאַרק נושא־חן געווען אין זיינע אויגן, און אַז ער האָט אים ליב ווי אַן אייגן קינד. אויך האָט ער אים גע־זאָגט, אַז אויב עמיצער וועט אים עפּעס שלעכץ טאָן זאָל ער אים נאָר זאָגן, וועט ער שוין זען אַז מער וועט אים קיינער נישט אָנרירן צו שלעכץ. די ערשטע פאָר טעג נאָכדעם וואָס מ׳האָט אַרויפגעבראַכט די געפאַנגענע אויף דעם שיף, האָט מען דעם יהודי פון לודקיאַ נישט צוגעלאָזט צו זיי, אָבער שפּעטער האָט ער זיך איינגעבעטן ביי דעם ראש־הגזלנים, האָט ער אים דאָס אויך נאָכגעגעבן, און מ׳האָט אים שוין געלאָזט אויך אין

דעם אונטערשטן טייל פונעם שיף דאָרט ווו די געפאַנגענע זע־
נען געווען פאַרשלאָסן.

אַז דער יהודי פון לודקיאַ איז געקומען צווישן די געפאַנגענע
האָט ער גלייך דערקאָנט אויפן געשטאַלט פון עטלעכע אַז זיי
זענען יהודים. ער איז צוגעגאַנגען צו זיי און האָט זיי געפרעגט
פון ווו זענט איר אחינו־בני־ישראל ?

— מיר זענען פון עכו ! האָבן זיי אים געענטפערט.

— הייסט עס — זאָגט דער יהודי צו זיי — אַז די שיף איז
יענע נאָכט געשטאַנען אין עכו ? ריכטיק — האָבן אים געענט־
פערט די יהודים. דער יהודי פון לודקיאַ האָט נישט דערציילט
די יהודים פון עכו פון ווו ער קומט, זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז ער
קומט מיט די גזלנים גאָר פון די מרחקים. דער יהודי וואָס די
גזלנים האָבן אים אַזוי מקרב געווען האָט פיל טובות געטאָן
פאַר די יהודים פון עכו, און מיט דער צייט האָט ער זיך אַזוי
באַליבט ביי זיי אַז זיי האָבן זיך פאַר אים פאַרטרויעט אַלע
זייערע סודות.

אין אַ פרימאָרגן ווען דער יהודי פון לודקיאַ קומט אַראָפּ צו
די יהודים פון עכו זעט ער אַז זיי האָבן שטאַרק פאַרוויינטע
אויגן. — וואָס איז דאָס היינט מער פון אַ צווייטן טאָג ? —
פרעגט זיי דער יהודי, און זאָגט ווייטער — מיר האָבן דאָך
באַשלאָסן אַז מיר זאָלן שטענדיק פריילעך זיין און האָפן צו
השי״ת דאָס וואָס עס וועט מיט אונז זיין, איז אַלעס געוויס
לטובה ? !

— איך האָב מיך געחלומט מיטן רב פון עכו — ענטפערט
אים איינער פון די יהודים און זאָגט ווייטער — און דאָס האָט
אונז שטאַרק פאַרביטערט.

— וואָס ? פרעגט דער יהודי אַ פאַרוווּנדערטער — אַז
מ׳חלומט מיט אַזאַ גרויסן צדיק ווי אייער רב, דער הייליקער

„רבי יצחק דמן עכו“ ברויך מען זיך שרעקן? דאָס איז דאָך גאָר אַ גוטער סימן.

— מיר וויינען — ענטפערט ווייטער דער יהודי וואָס האָט זיך געחלומט מיטן רב — ווייל ווען מיר דערמאָנען זיך אין רב, טוט אונז וויי אַז מיר האָבן מיט אונזערע הענט אויף אונז אַרויפגעבראַכט דאָס אומגליק. עס איז אונז אפילו נישט אָנגענעם צו דערציילן נאָר מיר ווילן אונזער ווייטאָק אַראָפּרעדן פון האַרץ ווען מיר אייך אַלעס גענוי דערציילן.

מיט עטלעכע חדשים צוריק — הייבט אָן דער יהודי פון עכו צו דערציילן פאַר דעם יהודי פון לודקיאַ — זענען געקומען צו אונז פון אַ קליין שטעטל אין סוריא צוויי גרויסע סוחרים. שוין אַ סך יאָרן וואָס מיר זענען פאַרבונדן מיט די סוחרים אין מסחר. ווי מיר האָבן דערזען די סוחרים האָבן מיר זיך דערשראָקן פאַר זייער אָפּגעדאַרט געשטאַלט, מיר פרעגן זיי וואָס איז מיט אייך געשען דאָס איר זענט אַזוי אָפּגעפאַלן פון די וואָג און איר זעט אַזוי שלעכט אויס? ענטפערן זיי אונז, וואָס זאָלן מיר אייך זאָגן, איר קאָנט אייך גאָרנישט פאָרשטעלן וואָס פאַראַ אומגליק עס האָט אונז געטראָפן. שוין באַלד אַ יאָר וואָס מיר קוקן צו מיט אונזערע אויגן ווי אונזער גאַנץ פאַרמעגן גייט צוגרונט. עס איז געקומען אין שטעטל עפּעס אַ יינגער סוחר און ער האָט זיך אויפגעמאַכט גרויסע געשעפטן אין אַלע ווינקלעך פון שטאָט, און דאַדורך האָט ער אַוועקגענומען די פרנסה פון אַלע סוחרים וואָס זענען ביז היינט געווען אין שטעטל.

— פון וועלכן שטעטל אין סוריא זענען געווען די סוחרים?

— פרעגט אין מיטן זייערע ווערטער אַריין דער יהודי פון לודקיאַ מיט גרויס נייגעריקייט.

— פון לודקיאַ — ענטפערן אים די יהודים פון עכו.

דער יהודי פון לודקיאַ איז דערציטערט געוואָרן ווען ער

האָט דערהערט זייער תשובה, אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטן אַז די יהודים פון עכו זאָלן אויף אים גאָרנישט דערקענען, כדי זיי זאָלן ווייטער דערציילן.

— די סוחרים פון לודקיאַ — דערציילט ווייטער דער יהודי פון עכו — האָבן אונז געזאָגט אַז אויב מיר וועלן זיי נישט קומען צו הילף וועלן זיי אינגאַנצן צוגרונט גיין. האָבן מיר זיי געפרעגט מיט וואָס קענען מיר אייך העלפן? האָבן זיי געזאָגט אַז שוין אַ לענגערע צייט וואָס אַלע סוחרים אין לודקיאַ טראַכטן אַרייך אַן עצה קעגן דעם ייִנגן סוחר, מ'האָט שוין געפּרוווט פאַרשידענע זאַכן קעגן אים, אָבער די הצלחה שפּילט אים אַזוי געזונט אַז גאָרנישט שאַט אים נישט. ביים סוף האָבן זיי באַשלאָסן אַז זיי זאָלן זיך פאַרבונדן מיט די ים־גזלנים אַז זיי זאָלן אים אַוועקכאַפּן און פאַרפירן ערגעץ אין אַן עק־וועלט מדינה. זיי האָבן זיך טאַקע פאַרבונדן מיט איינעם וואָס מ'זאָגט אויף אים אַז ער איז אויך פון די ים־גזלנים אָבער ווי זיי האָבן נאָר גערעט מיט דעם וואָס מ'זאָגט אויף אים אַז ער איז פון די ים־גזלנים האָט ער זיך אויסגעבייזערט אויף זיי און ער האָט געזאָגט אַז ער האָט נישט קיין שום שייכות צו די גזלנים, נאָר ער האָט זיי געגעבן אַן אַדרעס אַהער קיין עכו, ער האָט זיי געזאָגט אַז דער גוי וואָס האַנדלט אין עכו מיט וועלדער איז איינער פון די אָנפירער פון די גזלנים. ווי מיר סוחרים פון עכו האָבן דערהערט דעם נאָמען פון דעם אָנפירער, האָבן מיר זיך שטאַרק דערשראָקן, ווייל שוין פיל יאָרן וואָס מיר האַנדלען מיט דעם גוי, מיר האָבן אים געהאַלטן פאַר גאָר אַן אָרענטלעכן גוי, צום סוף ווערן מיר גאָר געוווירער אַז ער איז אַ גזלן. די סוחרים פון לודקיאַ פרעגן אונז וואָס מיר האָבן זיך אַזוי דערשראָקן אַז מיר האָבן דערהערט דעם נאָמען פון דעם אָנפירער פון די גזלנים?! זאָגן מיר זיי די סיבה. ווי די סוחרים האָבן

דערהערט אַז מיר קאָנען זיך מיט דעם גוי זענען זיי פול גע־וואָרן מיט שמחה, און זיי האָבן אונז געזאָגט אַז אויב מיר וועלן זיי העלפן אין דער זאַך וועלן זיי אונז די טובה קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

אַזוי ווי דאָס איז געווען אין אַ פרייטיק — דאָס אַלעס האָט אַזוי דערציילט דער יהודי פון עכו צום יהודי פון לודקיאַ וואָס האָט מיט גרויס דורשט אויסגעהערט יעדעס וואָרט — האָבן מיר באַשלאָסן דאָס נאָך שבת וועלן מיר צוזאַמען מיט די סוח־רים פון לודקיאַ גיין צום גוי, און אַזוי ווי מיר זענען גאָר גוט באַפריינדעט מיט אים וועט ער געוויס אַלעס טאָן וואָס נאָר מעגלעך איז. אויף שבת זענען די יהודים פון לודקיאַ געווען ביי אונז. ווי געוויינטלעך זענען זיי שבת געגאַנגען צוזאַמען מיט אונז אין שול. שבת נאָכמיטאָג האָט דער רב פאַרגע־לערנט אגדות פון דער גמרא. אין מיטן דעם לערנען ווערט דער רב שטאַרק צעפייערט און זאָגט מיט אַ שטרענגן קול, עס שטייט אין תהילים (ז׳ ט״ז) „בור כרה ויחפרהו ויפול וגו׳״ דאָס הייסט, דער רשע גראָבט אַ גרוב אַריין צו וואַרפן אין אים דעם צדיק, און ביים סוף פאַלט ער אַליין אַריין אין דעם גרוב. דער רב האָט מיט גרויס התלהבות גערעדט וועגן דעם ענין פון אַ „מוסר״, ווי האַרב עס איז אויב מ׳גיט איבער דעם חבר, אָדער אַ צווייטנס פאַרמעגן אין אַזעלכע הענט וואָס קאָן יענעם חלילה שאָדן ברענגען, מיט פייערדיקע אויגן האָט ער געקוקט אויף אונז ווען ער האָט געענדיקט און געזאָגט די ווערטער, „דער סוף איז דאָך שטענדיק ביי אַזעלכע פעלער ווען מ׳איז יענעם מזיק אַז „כאשר עשה, כן ייעשה לו״ וויאַזוי מ׳טוט יע־נעם אַזוי ווערט אים אַליין אָפגעטאָן, אָבער האָט דער הייליקער רב אויסגעלאָזט „שארית ישראל לא יעשו עוולה״ דאָס הייפּעלע איבערגעבליבענע יידן וועלן געוויס נישט טאָן קיין עוולות, און

דאָדורך „ולא ידברו כזב", וועלן זיי נישט ברויכן רעדן קיין פאַלשקייטן צו פאַרענטפערן זייערע עוולות, נאָר פאַרקערט אַז איינער געפינט זיך אין געפענגעניש וועט מען עוסק זיין אין פדיון שבויים, און אין דעם זכות וועט השי"ת אונז אַלע אַרויס־נעמען פון געפענגעניש דורך זיין ריכטיקן שליח משיח ה׳ וואָס וועט במהרה קומען".

די פייערדיקע ווערטער קלינגען נאָך אין אונזערע אויערן — זאָגט ווייטער דער יהודי פון עכו — נאָר ווי געוויינטלעך האָט אונז דער יצר־הרע איינגערעדט אַז דער רב האָט נישט אונז געמיינט, פון ווו ווייסט ער דען אפילו פון דער גאַנצער מעשה, מען האָט דאָך דאָס קיינעם נישט דערציילט ? איבערהויפּט האָבן אונז נאָך שטאַרק אויסגערעדט די סוחרים פון לודקיאַ. זיי האָבן אונז געזאָגט אַז רבי יצחק דמן עכו איז שוין באַקאַנט אין אַלע אַרומיקע לענדער אַז ער זאָגט מיט גאָר אַ שאַרפער שפּראַך מוסר פאַר יהודים. און ביים סוף, באַטש מיר אַליין האָבן דאָך געוווּסט אַז דער רב איז אַ בעל־רוח־הקודש אַזוי ווי פיל מענטשן האָבן שוין פון אים געזען אָפענע רוח־הקודש, פון דעסטוועגן זענען מיר איבערגערעדט געוואָרן פון די סוחרים פון לודקיאַ, און זונטיק זענען מיר מיט זיי אַוועק צום גוי, דער וואַלד סוחר, וואָס זיי האָבן געזאָגט אַז ער איז אַן אָנפירער פון די גזלנים. דער גוי האָט אונז געזאָגט אַז ער האָט נישט קיין שום שייכות מיט די גזלנים, נאָר אויב מיר וועלן אים געבן גאָר אַ גרויסן סכום געלט וועט ער זיך פאַרבינדן מיט זיין אַ קרוב וואָס יענער קאָן זיך גוט מיט זיי, און זיי וועלן דאָס פינקטלעך דורכפירן.

נאָך עטלעכע מאָל זענען די סוחרים פון לודקיאַ געקומען קיין עכו, זיי זענען שוין אַלץ אַליין געגאַנגען צום גוי און גע־פלאַנעוועט מיט אים וויאַזוי אויסצופירן די מעשה. וואָס עס

האָט זיך אויסגעלאָזט מיט זייער פּלאַן האָבן מיר נישט גע־וווּסט. נאָר מיט אַ וואָך צוריק זענען געקומען צו אונז קיין עכו עטלעכע יהודים פון לודקיאַ, זיי האָבן יעדן דערציילט אַז אין לודקיאַ איז אַ תשעה־באָב, עס האָט דאָרט פּאַסירט גאָר אַ שרעקלעך אומגליק, דער חשוב׳סטער בעל־הבית וואָס האָט געטאָן טובות גאָר אָן אַ שיעור, און איז געווען ביי יעדן גאָר שטאַרק באַליבט איז פּלוצים פאַרשווּנדן געוואָרן. וואָס עס טוט זיך אָפּ אין לודקיאַ זענען זיי נישט אימשטאַנד צו דערציילן, נאָר זיי בעטן אַז אַלע יהודים פון עכו זאָלן זען צו העלפן זוכן דעם אידעלעם יהודי. זיי האָבן אויך דערציילט אַז אויף אַלע נאָענטע ערטער וווּהין עס קומען אָן דאָס ערשטע די שיפן פון לודקיאַ זענען אַרויס שליחים זוכן דעם יהודי. זעט אויס אַז דער אָפּקלאַנג פון דעם גרויסן רעש וואָס די שליחים האָבן געמאַכט אין שטעטל, וועגן דעם פאַרלוירענעם יהודי פון לודקיאַ, איז אָנגעקומען ביז צו די אויערן פון דעם גוי, דער וואַלד סוחר, וואָס האָט אויסגעפירט די גאַנצע מעשה, האָט ער זיך געשראָקן אַז מיר וועלן אים אַרויסגעבן פאַר דער רעגירונג, וועט ער דאָך געהאַנגען ווערן. דעריבער האָט ער באַפוילן נאָך אונז אַז ער האָט מיט אונז גאָר אַ וויכטיקע זאַך דורכשמועסן, נאָר אַזוי ווי די יהודים פון לודקיאַ זוכן איצט דאָ אַרום דעם יהודי וואָס די ים־גזלנים האָבן אַוועקגעטראָגן, שרעקט ער זיך צו זיין אין שטאָט, דעריבער געפינט ער זיך אין זיין זומער־וווינונג אויסער דער שטאָט. מיר וואָס מיר האַנדלען שוין מיט אים צוועלף יאָרן איז גאָרנישט אויף די געדאַנקען געקו־מען אַז ער קאָן אונז טאָן עפּעס שלעכץ, זענען מיר צוזאַמען געגאַנגען צו אים. ווי מיר זענען צוגעקומען צו זיין הויז זענען דאָרט שוין געווען עטלעכע געזונטע גויים, און נאָך איי־דער מיר האָבן פאַרכאַפּט מיט אים צו רעדן אַ וואָרט האָט מען

אונז אויף איינמאָל געגעבן פון הינטן אַ בונט אַרויף אַ גרויסן טוך אויף דעם פּנים. און גלייך זענען אונז באַפאַלן די געזונטע יינגען און האָבן אונז געבונדן די הענט און פוס. און זיי האָבן אונז אַריינגעוואָרפן ערגעץ אין אַ הייל. דאָרט זענען שוין געלעגן די אַנדערע געבונדענע. אַ וואָך צייט זענען מיר דאָרט געווען און נאָכדעם האָט מען אונז אַרויף געבראַכט אויף דעם שיף. אַ גאַנצע צייט — זאָגט ווייטער דער יהודי פון עכו — האָבן מיר זיך נישט געוואָלט דערמאָנען אין דער דרשה פון דעם רב, אָבער איצט אַז איך האָב אים שוין געזען אין חלום, ווי ער שטייט ביי דעם אָרט ווי ער האָט געזאָגט די דרשה, און מיט די זעלבע פייערדיקע אויגן וואָס ער האָט געקוקט צו מיר ווען ער האָט גערעדט, פרעגט ער מיך איצט, „האָב איך אייך דען נישט געוואָרנט?״ קאָנען מיר זיך נישט צוריקהאַלטן פון צו וויינען פון טיפן האַרץ.

דערהערנדיק די ווערטער איז דער יהודי פון לודקיאַ געבליבן שטיין ווי אַ פאַרחלשטער, ערשט איצט האָט ער פאַרשטאַנען אַז די גאַנצע מעשה וואָס די עשירים האָבן אים אַרויסגערופן פון שול אין לודקיאַ איז געווען אַן אונטערגעשטעלטע, און אַז די עשירים האָבן אינגאַנצן אָנגעאַרבעט זיין אַוועקכאַפּן. ער שטייט און וואונדערט זיך וויאַזוי מענטשן מיט אַ פאַרשטאַנד טראַכטן נאָר אַריין מיט וואָס לעבט מען? און מיט וואָס שטאַרבט מען? טראַכטן זיי גאָרנישט. עקסטער איז ער געווען פאַרוווּנדערט פון דעם אָפענעם רוח הקודש וואָס רבי יצחק דמן עכו וועלכער האָט אין יענע צייטן געשמט פאַר איינעם פון די גרעסטע מקובלים אין דור האָט אַרויסגעוויזן, עס האָט אים שטאַרק לייד געטאָן אַז איבער דער צייט וואָס ער האָט געוווינט אין לודקיאַ וואָס איז אַזוי נאָענט קיין עכו, איז ער נישט אַריין געפאָרן קאָנען אַזאַ צדיק און אַ קדוש. פאַר די יהודים פון עכו

האָט ער גאָרנישט דערציילט אַז ער האָט עפּעס אַ שייכות צו דער גאַנצער מעשה.

ה.

וואָכן איז דאָס שיף געפאָרן צווישן הימל און וואַסער. עס האָט נישט אויסגעזען אַז זיי וועלן אַמאָל קומען צו אַ יבשה, פּלוצים דערזען זיי אין מיטן ים עפּעס אַ פּינטעלע, אָט קומען מיר צו צו אַן אינדזל — טראַכט זיך דער יהודי — דאָס שיף האָט זיך גענומען פאָרן צו דער ריכטונג פונעם אינדזל, אָבער עס איז געווען אַ גרויס וווּנדער אין דעם יהודי׳ס אויגן ווי מ׳האָט נאָר דערזען דאָס פּינטעלע אויף דעם ים איז גלייך געוואָרן אַ גרויס איבערקערעניש אויפן שיף, די גזלנים זענען געלאָפן אַהין און צוריק, זיי האָבן גענומען פיילן מיט העק אין די הענט. עס איז נישט אַריבער אַ פּאָר מינוט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס קליינע פּינטעלע איז גאָר אַ גרויס סוחריש שיף. דאָס שיפל פון די גזלנים האָט זיך גענומען פאָרן מיט אַ שנעלקייט און ביז עטלעכע מינוט איז עס שוין געשטאַנען פאָרויס פאַר דעם גרויסן סוחרישן שיף. ווי די סוחרים האָבן דערזען דאָס שיפל זענען זיי אַרויף אויפן דעק פון זייער שיף און געווינקען צו איר „שלום“. אָבער די גזלנים האָבן נישט צוריק געענטפערט קיין שלום, נאָר עטלעכע גזלנים זענען צוגעגאַנגען צום עק פון זייער שיפל און האָבן געשריגן צו דעם גרויסן שיף: גיט אייך אונטער!!!

דריי מאָל האָבן זיי דאָס אַזוי געשריגן מיט דונערנ־דיקע קולות, נאָך דעם האָבן זיי געשריגן אויב אַלע מענטשן פונעם שיף קומען נישט גלייך אַרויף אויף דער דעק מיט אויפ־געהויבענע הענט אין די לופטן צו ווייזן דאָס זיי ווילן זיך נישט אַ קעגן שטעלן אונז, ווערט די שיף גלייך צעהאַקט אויף שטי־קער. ווי די גזלנים שרייען אַזוי האָט זיך גענומען די סוחרישע שיף צו דערווייטערן מיט אַ געשווינדיקייט פון דעם קריגס־שיף.



דאָס שיפל פון די גזלנים פאַר דעם גרויסן סוחרישן שיף

אין יענע צייטן פלעגט גאָר אָפט פאָרקומען אַז די ים־גזלנים זענען באַפאַלן די סוחרישע שיפן אין מיטן ים, דעריבער פלעגן זיין די סוחרישע שיפן וואָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די גרויסע ימים באַוואָפנט מיט כלערליי כלי־זיין. אַז די סוחרים אויפן שיף, וואָס איז איצט געשטאַנען נעבן דעם גרויסן קריגס־שיף האָבן דערזען אין וואָס פאַראַ שרעקלעכן מצב זיי געפינען זיך, אַז זייער לעבן מיט זייער פאַרמעגן וואָס האָט זיך איצט געפונען מיט זיי אויפן שיף ליגט אין אַ גרויסע סכנה, זענען זיי געוואָרן גרינג ווי די אָדלערס און שטאַרק ווי די לייבן. זיי האָבן אין שנעלקייט אויסגעצויגן גרויסע פיילנבויגנס און ווען די גזלנים האָבן אָנגעהויבן נאָכצושיסן זייער שיף וואָס האָט גע־פרוווט צו אַנטלויפן האָבן זיי גלייך צוריקגעענטפערט מיט

גרויסע שאַרפע פיילן וואָס זענען געווען ווי גרויסע העק. יעדע פייל האָט געקאָנט צעשפּאַלטן אַ וואַנט אינעם שיף.

עטלעכע שעה האָט זיך געצויגן די שיסעריי צווישן די ביידע שיפן. ווער עס האָט זיך דאָרט געפונען איז אים די נשמה שיעור אַרויסגעפלויגן. פון מינוט צו מינוט איז די מלחמה אַלץ שטאַרקער געוואָרן, עס האָט זיך אַלץ געדאַכט אַז אָט אָט זינקען ביידע שיפן אין די מצולות־הים. שפּעטער איז געוואָרן אַ גרויס גערויש אויפן סוחרישן שיף, עס זענען געווען עטלעכע סוחרים וועלכע האָבן פאַרלאַנגט מ׳זאָל זיך אונטערגעבן פאַר די גזלנים, אַזוי, אויב מיר וועלן זיך נישט אונטערגעבן — האָבן די סוחרים געטענה׳ט — הרגענען די גזלנים אונז אַלע אויס, אָבער אויב מיר וועלן זיך אונטערגעבן וועלן זיי אונז פאַרקויפן צו די מענטשן־פרעסערס, קאָן נאָך זיין אַז איינער פון אונז זאָל גע־ראַטעוועט ווערן.

דער גרעסערער טייל פון די סוחרים און צווישן זיי דער שיפס־קאַפּיטאַן האָבן ווידער געזאָגט, אויב מיר וועלן מיט זיי מלחמה פירן קאָן אונז נאָך געלונגען אַז מיר וועלן מנצח זיין די גזלנים און מיר וועלן בלייבן לעבן. אָבער אויב מיר וועלן זיך אונטערגעבן, זענען מיר געוויס פאַרלוירענעם מענטשן. אַז דער שיפס־קאַפּיטאַן האָט געזען אַז אויב די מענטשן וואָס ווילן זיך אונטערגעבן וועלן בלייבן אויפן שיף וועלן זיי נאָך שוואַך מאַכן די סוחרים וואָס פירן די מלחמה אַזוי פעאיק, האָט ער אַריינגעלאָזט אין ים אַ קליין שיפל, פון די רעטונג־שיפלעך וואָס געפינען זיך אויף יעדן גרויסן שיף, און ער האָט אויס־גערופן אַז ווער עס וויל זיך אונטערגעבן צו די גזלנים קאָן זיך זעצן אין דעם שיפל און פאָרן צו די גזלנים. אָבער — האָט ער ווייטער געזאָגט — ווער עס אַנטלויפט פון דער מלחמה זאָל וויסן אַז ער האָט פאַרלוירן זיין גאַנץ פאַרמעגן וואָס ער האָט

אויפן שיף. און אפילו מיר וועלן זיך ראַטעווען, וועט ער עס נישט צוריק באַקומען.

דאָס שיפל האָט ער איינגעלאָזט אין ים אויף דער צווייטער זייט, נישט אויף דער זייט ווו עס האָט זיך געפירט די מלחמה. אַזוי אַז די גרויסע סוחרישע שיף האָט פאַרשטעלט דאָס קליינע שיפל פון די גזלנים, און די סוחרים האָבן געקאָנט רואיק אַריין שפרינגען דערין.

גלייך זענען צוגעלאָפן צום שיפל די סוחרים וואָס האָבן זיך געוואָלט אונטערגעבן, און זענען אַריין געשפרונגען דערין איינער נאָכן צווייטן, צווישן די סוחרים וואָס זענען אַריין געשפרונגען זענען אויך געווען עטלעכע יהודים. ווען דער לעצטער סוחר וואָס האָט זיך געוואָלט אונטערגעבן האָט געוואָלט אַריין שפרונגען האָט ער זיך איינגעהאַנקערט ביים ברעג פון דעם גרויסן שיף, און איז צוריק אַריין געפאַלן אין דעם גרויסן שיף אַריין. דערביי האָט ער זיך געבראָכן אַ פוס. פון דער גרויסער מהומה וואָס עס האָט זיך דאָרט געטאָן האָט זיך קיינער נישט אומגעקוקט אויף דעם געפאַלענעם, נאָר איין סוחר וואָס איז אויך געלאָפן אַריין שפרינגען אין דעם קליינעם שיפל, און לויפנדיק צום ברעג האָט ער זיך אָנגעהאַנקערט אין דעם סוחר מיט דעם געבראָכענעם פיס, האָט ער געגעבן אַ געשריי אויס אויף אים „שלומיאל בלייבט שלומיאל", דער געפאַלענער האָט זיך געבעטן ביי דעם סוחר וואָס האָט זיך אָנגעהאַנקערט אין אים דאָס ער זאָל אים אויך אַרויפשלעפן אויף דעם ברעג פון די שיף כדי ער זאָל קאָנען אַריין שפרינגען אין שיפל, אָבער דער סוחר האָט זיך אויסגעלאַכט פון אים, און ער איז זיך אַריין געשפרונגען אין קליינעם שיפל, און דער סוחר מיטן געבראָכענעם פוס איז געבליבן אין דעם גרויסן שיף.

ווען די סוחרים וואָס האָבן זיך געוואָלט אונטערגעבן פאַר

די גזלנים זענען שוין געווען אויפן קליינעם שיפל, און זיי האָבן פאַר זייערע אויגן נישט געזען די קריגס־שיף פון די גזלנים ווייל די גרויסע סוחרישע שיף האָט זיי פאַרשטעלט. האָבן זיי זיך מיישב געווען וואָס ברויכן מיר זיך אונטערגעבן צו די גזלנים, מיר האָבן איצט אַ גוטע געלעגנהייט צו מאַכן די פליטה, אפשר וועלן מיר אין מיטן ים געפונען עפּעס אַ שיף וואָס וועט אונז אויפנעמען. געטרכאַכט און געטאָן. זיי האָבן זיך גענומען מיט אַ שנעלקייט צו דערווייטערן פון די צוויי שיפן וואָס האָבן געפירט אַזאַ שאַרפע מלחמה צווישן זיך.

נאָך אַ שווערע מלחמה פון אַ היפשע פּאָר שעה, ווען אויףביידע שיפן זענען געלעגן צענטליק שווער פאַרוואונדעטע און אויך טויטע מענטשן האָט דער ראש־הגזלנים איינגעזען אַז ער וועט די סוחרישע שיף נישט מנצח זיין, און אפילו ער וועט זי סוף כל סוף יאָ באַזיגן, וועט עס אים אָבער צופיל קאָסטן. ער וועט בלייבן מיט ווייניק זעלנער אויף זיין שיף דאָס די גע־פאַנגענע וועלן זיך קאָנען מתגבר זיין אויף אים און אויף זיינע מענטשן, דעריבער האָט ער געגעבן אַ באַפעל אַז מ׳זאָל לאָזן די סוחרישע שיף אַנטלויפן. גלייך ווי דער ראש־הגזלנים האָט געגעבן דעם באַפעל, האָט די קריגס־שיף פון די גזלנים שטיי־טער געמאַכט איר גאַנג, ווי דער קאַפּיטאַן פון די סוחרישע שיף האָט באַמערקט אַז די גזלנימס שיף פאַרט שטייטער האָט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט און האָט נאָך שטאַרקער געמאַכט דעם גאַנג פון זיין שיף און ביז אַ קורצע צייט איז די גרויסע סוחרישע שיף פאַרשוואונדן געוואָרן אין די ווייטעניש פון ים. און די גזלנים מיט זייער קריגס־שיף זענען ווייטער געפאָרן, ווי אָפּגעשמיסענע הברה, זייער וועג.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָבן די גזלנים דערזען פון דער ווייטנס ווי אַ קליין שיפל שאָקלט זיך אין מיטן ים, און עטלעכע מענטשן פירן עס.

מיט אַ שנעלקייט איז די גרויסע קריגס־שיף צוגעפאָרן צו דעם קליינעם שיפל, און ביז אַ פּאָר מינוט זענען שוין געלעגן די סוחרים פון דעם קליינעם שיפל אויפן קריגס־שיף. די גזל־נים וואָס די רציחה האָט אין זיי געברענט ווי אַ פייער צוליב דער גרויסער מפּלה וואָס זיי האָבן אַריינגעכאַפּט פון די גרויסע סוחרישע שיף, און דערצו האָבן זיי זי נאָך געמוזט אַרויסלאָזן פון זייערע הענט, האָבן איצט דאָ אויסגעגאָסן זייער גאַנצן בייזן כעס אויף די עטלעכע סוחרימלעך וועלכע זיי האָבן דאָ גע־כאַפּט. ווי ווילדע לייבן זענען זיי די גזלנים באַפאַלן און האָבן זיי נעבעך געשלאָגן מיט מכות אכזריות, און זיי געפּייניקט מיט שרעקלעכע יסורים. ווען די יהודים וואָס האָבן זיך געפינען צווישן די געפאַנגענע סוחרים האָבן געפילט ביי זיך אַז זיי האַלטן שוין ביי יציאת־נשמה האָבן זיי מיטן לעצטן ביסל כוח אויסגעשריגן זייערע לעצטע ווערטער „שמע־ישראל".

ווי אַ פייל אין האַרץ איז דער שמע־ישראל אַריין געפלויגן אין די געפילן פון דעם יהודי פון לודקיאַ, וועלכער האָט זיך פריי אַרומגעדרייט אויפן שיף, כאָטש ער האָט גאַנץ גוט גע־ווּסט דאָס ער וועט גאָרנישט קאָנען העלפן די אומגליקלעכע יהודים, איז ער אַלץ צוגעגאַנגען נענטער צו זיי, אפשר וועט ער זיי מיט אַ ווינק קאָנען אַ ביסל טרייסטן, ווייזנדיק אַז ער איז אַ יהודי. אָבער ווי פאַרווונדערט און דערציטערט איז ער גע־וואָרן ווען ער האָט דערזען די צורה פון די יהודים, ער האָט שיעור געחלשט אויפן אָרט.

דערווייל האָבן די גזלנים גענומען די פאַרחלשטע סוחרים און האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן אין דעם אונטערשטן טייל פונעם

שיף, דאָרט ווו עס זענען געלעגן די געפאַנגענע סוחרים פון דער שטאָט עכו. ווי די יהודים פון עכו האָבן דערזען די סוחרים זענען זיי אויך שיעור פאַרחלשט געוואָרן, זיי האָבן צווישן זיי דערקאָנט זייערע באַקאַנטע גוטע פריינט פון דעם שטעטל לוד־קיאַ, די חברה וועלכע האָבן אָנגעדרייט דאָס רעדל מיט די גז־לנים אז זיי זאָלן אַוועקשלעפּן דעם אידעלעם יהודי פון לוד־קיאַ, רבי יצחק! רבי יצחק דמן עכו — האָבן אויסגעשריגן די יהודים פון עכו — ווי אמת זענען דיינע ווערטער, ווי ווייט איז דיין בליק.

נאָך עטלעכע טעג זענען די סוחרים צו זיך געקומען, די יהו־דים פון לודקיאַ האָבן שוין אויך דערקאָנט זייערע ידידים פון עכו און האָבן צוזאַמען געוויינט אויף זייער אומגליק, זיי האָבן נישט געוווּסט אַז דער יהודי וועלכן זיי האָבן איבערגעגעבן צו די גזלנים געפינט זיך אויך אויפן זעלבן שיף, ווייל די יהודים פון עכו האָבן דאָך אים נישט געקאָנט, און די יהודים פון לודקיאַ האָבן אים נישט געזען, ווייל ווען ער איז צוגע־קומען צו זיי זענען זיי געווען פאַרחלשט. אוי ווי גערן וואָלטן מיר היינט מפייס געווען דעם ערלעכן יהודי, האָבן זיי געזאָגט איינער צום צווייטן — אָבער ווער ווייס ווי ער געפינט זיך היינט ערגעץ אין די עקן פון דער וועלט. די סוחרים פון לודקיאַ האָבן דערציילט פאַר זייערע ידידים פון עכו פון דער שווערער מלחמה וואָס זיי האָבן געהאַט מיט דער קריגס־שיף, ווייל די געפאַנגענע וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם אונטערשטן טייל פונעם שיף האָבן גאָרנישט געוווּסט וואָס עס איז אויבן אויפן דעק פון שיף פאָרגעקומען. אינטערעסאַנט, — זאָגט אַזוי איין סוחר פון לודקיאַ פאַר דער גאַנצער חברה — דעם שלומיאל איז איצט פון זיין אומגליק אַרויסגעקומען אַ גרויס גליק, צוליב דעם וואָס ער האָט זיך געבראָכן אַ פוס איז ער געבליבן אויפן

גרויסן שיף און איז גערײַטעוועט געוואָרן. אָבער עס קומט אים טאַקע, רופט זיך אָן אַ צווייטער סוחר, ער האָט נישט געהאַט קיין גרויס חלק אין דער שענדלעכער מעשה פון איבערגעבן אַ יהודי צו די גזלנים.

נאָך אַכט טעג איז די קריגס־שיף געפאָרן צווישן הימל און וואַסער נאָך דער מלחמה. דערנאָך איז זי צוגעקומען צו אַ גרויסן פּאָרט פון אַ שיינער קעניגלעכער שטאָט. אינגאַנצן אַ פּאָר שעה איז די קריגס־שיף געשטאַנען ביים פּאָרט, נאָכדעם איז זי צוריק אַריין אין מיטן ים און פון דאָרט איז זי געפאָרן אַ שעה צייט גאָר נאָענט צום ברעג פונעם ים. נאָך אַ שעה איז זי צוגעפאָרן צו אַ קליינעם פּאָרט וועלכער איז געווען ביי אַ געדיכטן וואַלד. ס׳איז קאָנטיק געווען אויפן פּאָרט, אַז קיין סך שיפן זענען ביי אים נישט געשטאַנען. אויף דעם פּאָרט זענען אַראָפּ אַלע גזלנים אַחוץ אַ פּאָר וואָס זענען געבליבן היטן די געפאַנגענע. די גזלנים זענען אַריין אין דעם געדעכטן וואַלד און זענען פאַרשוואונדן געוואָרן צווישן די דיקעביימער.

דאָס וואַלד וואָס די שיף איז לעבן אים געשטאַנען איז געווען גאָר אַ געפערלעך וואַלד, עס איז געווען פול מיט ווילדע חיות. ביי נאַכט האָט זיך געהערט דערפון גאָר שרעקלעכע קולות פון די חיות. אַז דער יהודי האָט געזען די ערשטע נאַכט דאָס די גזלנים וואָס זענען ביי טאָג אַריין אין וואַלד און זיי האָבן געזאָגט אַז זיי קומען באַלד צוריק, זענען נישט צוריק געקומען, איז ער געווען זיכער אַז זיי וועלן מער נישט צוריק קומען. עס איז ביי אים נישט געווען קיין שום ספק, אַז די אַלע רויבערס זענען געוויס צעריסן געוואָרן דורך די ווילדע חיות, עס האָט זיך אים אפילו געדאַכט אַז ער הערט צווישן די שרעקלעכע קולות וואָס האָבן זיך געהערט פון וואַלד אויך עפּעס באַקאַנטע קולות פון די גזלנים. זעט אויס אַז אויך די גזלנים וואָס זענען

געבליבן אויפן שיף צו היטן די געפאַנגענע האָבן זיך אַ ביסל געשראָקן וועגן זייערע חברים, ווייל אויף זייער פנים האָט זיך אָנגעזען אַ טרויריקייט און אַן אומעטיקייט נאָך מער ווי עס איז געווען ביז איצט. די דאגה און די זאָרג וועגן זייערע חברים האָט זיי פאַרשאַפט נאָך מער פיין ווי עס האָט זיי אָנגעאַרבעט די שענדלעכע מפלה וואָס זיי האָבן געהאַט פון דער מלחמה מיט די סוחרים. אין דער צייט ווען די גזלנים אויפן שיף זענען אַזוי אַרומגעגאַנגען פול מיט ערגערניש און זאָרג האָט זיך אַרויסגעצייגט אַ פיינקייט און אידלקייט פון דעם יהודי פון לודקיאַ דאָס כאָטש ער איז דאָך אַרומגעגאַנגען פול מיט שמחה, און דער געדאַנק אַז ער איז שוין פטור פון די גזלנים האָט דאָך אים נאָך מער דערפרייט. פונדעסטוועגן האָט ער זיך אַזוי גע־פרייט אַז עס זאָל נישט פאַרדריסן די גזלנים, און נישט נאָר אַז ער האָט זיך נישט גערייצט מיט זיין שמחה מיט די גזלנים וואָס זענען געווען אויפן שיף, נאָר פונקט פאַרקערט, די גזלנים האָבן בדיעבד אַ גרויסע הנאה געהאַט פון אים, ווייל זיי האָבן געפילט אַז מיט זיין פרייד טוט ער זיי אַ ביסל אויפמונטערן.

אויך דעם צווייטן טאָג און אויך די צווייטע נאַכט האָט זיך נישט געוויזן קיין נפש־חיה פון וואַלד, איצט איז שוין געווען זיכער דער יהודי אַז ער איז פטור געוואָרן פון די גזלנים, אויך די גזלנים אויפן שיף האָבן אים געזאָגט אַז עס איז עפּעס נישט אין אָרדענונג מיט די גזלנים וועלכע זענען אַראָפּ אין וואַלד, ווייל זיי האָבן געברויכט צוריק קומען נאָך דעם ערשטן טאָג, און עס איז שוין פאַריבער צוויי טעג און זיי זענען נאָך אַלץ נישטאָ. אַז דער יהודי פון לודקיאַ האָט געזען אַז אויך דעם דריטן טאָג זענען זיי נישט צוריק געקומען איז שוין זיין שמחה געווען גאַנץ. איצט האָט ער שוין נאָר געפּלאַנעוועט וואָס עס איז דאָ צו טאָן מיט די פּאָר גזלנים וועלכע זענען געבליבן

אויפן שיף. ער האָט זיך געטראַכט אַז ווען עס וועט נאַכט ווערן וועט ער זיך אַראָפּכאַפּן צו די געפאַנגענע, און ער וועט זיי דערציילן וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די גזלנים, און דאָס אויף דעם דעקן פונעם שיף איז נאָר געבליבן עטלעכע גזלנים. דאַן וועלן די געפאַנגענע זיך אויף איינמאָל אַרויסלאָזן אויפן דעק און פאַריאָגן די גזלנים און זיך באַפרייען. מיט גרויס אומגע־דולד האָט ער שוין געוואַרט עס זאָל נאַכט ווערן, אָבער ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבן צו טונקלען אין דרויסן האָט זיך פּלוצים געהערט פון וואַלד גאָר הויכע קולות, און ביז אַ קורצער צייט זענען אַרויסגעקומען פונעם וואַלד די גאַנצע באַנדע גזלנים וואָס זענען אַריין, זיי האָבן נאָך מיט זיך מיטגעבראַכט אַ גרויסע מחנה מענטשן. די מענטשן זענען געווען צוגעבונדן מיט קייטן, יעדן איינעמס פוס איז געווען צוגעבונדן צו אַ צווייטנס פוס, און יעדנס האַנט צו אַ צווייטנס האַנט, אַזוי אַז די אַלע מענטשן זענען געווען צוגעבונדן איינער צום צווייטן. טרויריקע קולות האָבן זיך געהערט פון צווישן די געפאַנגענע. דאָ האָט איינער געכאַפּט אַ האַק אין קאָפּ פון אַ גזלן, און דאָ האָט איינער גע־געבן צו אַ שטאַרקן שלעפּ זיין פוס און דאַדורך איז דער צוויי־טער — וואָס איז געווען צוגעבונדן צו זיין פוס — אומגעפאַלן, און אויף אַ דריטן אָרט האָט איינער מיט אַ שלעפּ זיי האַנט אָפּגעשינדן די הויט פון אַ צווייטנס האַנט. נאָך גאַנץ אַ לאַנגען צייט זענען שוין געווען אַלע געפאַנגענע אויפן שיף. דאָ האָט מען פון זיי אָפּגעהאַקט די קייטן און צו איינציקווייז זיי אַריין געוואָרפן אין דעם אונטערשטן חלק פונעם שיף. די גזלנים וועלכע זענען געבליבן אויפן שיף האָבן געפרעגט די גזלנים וועלכן האָבן געבראַכט די געפאַנגענע וואָס דאָס איז געווען מיט זיי אַז זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג פאַרזאָמט אין וואַלד. ווען נישט דער לוסטיקער יהודי — האָבן זיי געזאָגט — וואָלטן מיר

נישט געקאָנט איבערטראָגן די גרויסע שרעק וואָס מיר האָבן געהאַט דאַג׳ענדיק נאָך איך. ווען אַלע געפאַנגענע זענען שוין געווען אין דעם אונטערשטן טייל פונעם שיף, האָבן זיך אַלע גזלנים אַוועקגעזעצט צו אַ סעודה וואָס די גזלנים וועלכע זע־נען געווען אין וואַלד האָבן געבראַכט פון שטאָט.

ו.

ביז די גזלנים זענען געזעסן ביי זייער סעודה איז דער יהודי אַראָפּ אין דעם אונטערשטן טייל שיף און האָט זיך אומגעקוקט צווישן די נייע געסט אפשר וועט ער זען צווישן זיי אַ יהודי, ער האָט נישט געדאַרפט פיל זוכן, ווייל גלייך האָבן זיינע אויגן באַמערקט אַ יידישע צורה.

— שלום־עליכם רבי יהודי — גוט אַ זאָג דער יהודי פון לודקיאַ צו דעם געפאַנגענעם מיט אַ לוסטיקן שמייכל אויף זיין פנים, ווי איינער וואָס באַגעגענט אַן אַלטן גוטן פריינט וועלכן ער האָט שוין לאַנגע יאָרן נישט געזען. מיט אַ פּאָר פאַרוווּנ־דערטע אויגן קוקט אים אָן דער געפאַנגענער פון אויבן ביז אַראָפּ. און דערנאָך גיט ער אים די האַנט און ענטפערט אים „עליכם־שלום״, דערביי פרעגט ער אים פון וואַנען קאָנט איר מיך? און וואָס איז דאָ אויף אייך די שמחה אַזוי גרויס? דער יהודי פון לודקיאַ האָט אים געזאָגט אַז באמת קאָן ער אים טאַקע נישט, נאָר צווישן אַזויפיל מענטשן אַז איך דערזע אַ יהודי, כאָטש עס טוט מיר וויי דאָס נאָך אַ יהודי געפינט זיך אין אַ צרה, דערפרייט מיך אַ ביסל אַז איך זע אַ היימישן מענטש. דער יהודי פון לודקיאַ האָט אים געזאָגט אַז ער געפינט זיך אויך אין דער זעלביקער סכנה וואָס ער, נאָר ער האָט אַ ביסל נושא־חן געווען אין די אויגן פונעם ראש־הגזלנים דעריבער לאָזט ער אים פריי אַרומגיין. אָבער וויפל דאָס וועט אַזוי זיין ווייס ער

אַליין נישט. יעדן טאָג קאָן זיך אויף אים דער ראש־הגזלנים צעבייזערן און אים שניידן אויף שטיקער. פונדעסטוועגן איז ער פול מיט שמחה ווייל ער איז פול מיט דער אמונה אַז השי״ת וועט אים געוויס העלפן, און וויאַזוי עס וועט זיין איז דאָס געוויס לטובה, דעריבער זאָל ער זיך אויך מחזק זיין, וועט ער פילן אין זייך האַרץ ווי השי״ת האָט אויף אים אַ באַזונדערע השגחה, און וועט בחוש זען ווי עס וועלן מיט אים געשען זאַכן מחוץ לדרך־הטבע. דער געפאַנגענער האָט זיך אַ ביסל געשטאַרקט פון דעם יהודי׳ס ווערטער.

דער יהודי פון לודקיאַ האָט פאַרשטאַנען אַז אויב ער וועט איצט צוריק אַרויפגיין אויפן דעק פונעם שיף, און דאָ איבערלאָזן דעם יהודי, וועט געוויס דער יהודי צוריק פאַלן צו זיין עצבות און פחד פאַר דעם זיכערן טויט וואָס וואַרט דאָ אויף זיי, דעריבער האָט ער ביי זיך באַשלאָסן אַז די גאַנצע נאַכט וועט ער דאָ אויפזיין מיט דעם יהודי און ער וועט אים פאַרשמועסן דערמיט ער זאָל פאַרגעסן פון זיינע צרות. דער געפאַנגענער ווידער, האָט קוים געוואַרט אַז דער יהודי זאָל זיך שוין אָוועקגיין פון אים, ווייל אַ קעגן אים האָט ער זיך שוין אַ ביסל געשעמט צו וויינען, און דאָ ווידער זענען אים געלעגן זיינע געדאַנקען אין זיין ביטערן מצב. דער יהודי פון לודקיאַ האָט אים אָבער נישט אָפּגעלאָזט.

— אין וועלכער מדינה געפינען מיר זיך דאָ? גיט אַ פרעג דער יהודי פון לודקיאַ דעם געפאַנגענעם.

— אין דעם לאַנד אופיר, איינס פון די רייכסטע לענדער אויף דער וועלט, ענטפערט דער געפאַנגענער.

— און וויאַזוי איז דאָס געלונגען פאַר די גזלנים צוזאַמענצוגנבענען און גזלענען אַזויפיל מענטשן, אַנדעם אַז מ׳זאָל זיי

כאַפּן? פרעגט ווייטער מיט גרויס פאַרוווּנדערונג דער יהודי פון לודקיאַ.

— דאָס איז אַ גרויסע שאלה! ענטפערט אים דער געפאַנ־גענער, און זאָגט ווייטער — אָבער זייט עס האָט פּאַסירט דאָס גרויסע אומגליק מיט דער בת־המלכה, איז דאָס גאַנצע לאַנד געוואָרן ווי הפקר, די גזלנים ווידמענען אין אַלע ערטער כמעט פריי, און קיינער טוט זיי גאָרנשיט.

— וואָס איז געשען מיט דער בת־המלכה? פרעגט דער יהודי ווידער.

— איר שטעלט אַ פּנים ווי אַ תם!! — ענטפערט אים מיט גרויס כעס דער געפאַנגענער וועלכער האָט זיך שוין געוואָלט אָפּשאָקלען פון דעם יהודי, און זאָגט ווייטער — די גאַנצע וועלט האָט געקלונגען מיט דער שרעקלעכער מעשה וואָס האָט פּאַסירט מיט דער בת־המלכה, און איר שטעלט אַ פּנים ווי פון פאַר ששת־ימי־בראשית.

כאָטש דער יהודי פון לודקיאַ האָט דאָך פּונקטלעך געוווּסט די גאַנצע מעשה, פונדעסטוועגן האָט ער געוואָלט אַז דער יהודי זאָל אים דערציילן, כדי ער זאָל זיך אַביסל פאַרשמועסן דאָדורך. דעריבער האָט ער אים געזאָגט, איך בעט אייך גאַנץ ערנסט אַז איר זאָלט מיר מוחל זיין געבוי דערציילן די גאַנצע מעשה, די גזלנים האָבן מיך אַהער פאַרשלעפּט פון אַ ווייט אָרט ווי דעם נאָמען פון אייער מדינה האָט מען כמעט נישט געהערט די היינטיקע צייטן. אַ סך וואָס צו טוען דאָ ביי די גזלנים האָבן מיר דאָך ביידע נישט, זייט כאָטש מהנה אַ יהודי, און איך זאָג אייך אַז מיט השי״ת הילף וועל איך אייך צוריק דינען דערפאַר. עס זענען דאָ פאַראַן אויף דעם שיף נאָך עטלעכע יהודים, זיי געפינען זיך אין אַ צווייטן טייל פונעם

שיף, אויך פאַר זיי האָב איך מיט גאָט'ס הילף געטאָן פאַרשי־
דענע טובות, האָף איך אַז איך וועל אייך אויך קאָנען טוען, נאָר
דערציילט מיר אַלעס קלאָר און גענוי.

אַז דער געפאַנגענער האָט געזען אַז דער יהודי בעט זיך ביי
אים אַזוי שטאַרק איין, האָט ער ביי זיך באַשלאָסן אַז ער וועט
אים טאַקע גאָר פּונקטלעך דערציילן. אויב איר ווילט טאַקע
אַזוי שטאַרק הערן — זאָגט דער געפאַנגענער צו דעם יהודי —
וועל איך אייך טאַקע דערציילן, זאָלט איר כאָטש וויסן דאָס
נישט נאָר מיר יהודים ליידן פון די שרעקלעכע ריזן ,נאָר אויך
גרויסע און מעכטיקע מלכים מאַכן זיי אומגליקלעך.

אונזער מלך — הייבט אָן דער געפאַנגענער צו דערציילן
נאָכדעם וואָס זיי האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל
פונעם שיף — איז דער גרעסטער און שטערקסטער מלך פון
דעם חלק וועלט, און איך טראַכט אַז ער קאָן זיך רעכענען
צווישן די גרעסטע אין דער וועלט. אין די יינגע יאָרן האָט ער
געפירט פיל מלחמות מיט פאַרשידענע לענדער און באַרבאַ־
רישע שבטים, אָבער ער האָט אַלע מנצח געווען, ווי איר האָט
זיכער געהערט איז דאָס לאַנד אופיר דער מקור פון דעם גאָלד
וואָס געפינט זיך אויף דער וועלט, קאָנט איר שוין אַליין פאַר־
שטיין ווי דאָס בית־המלכות האָט זיך געבאָדן אין אַלעם גוטן.

איין זאַך האָט אָבער אַביסל צעשטערט זיין גליק דאָס וואָס
ער האָט נישט געהאַט קיין זון. איין איינציקע טאָכטער האָט
ער יאָ געהאַט, ער האָט אָבער גאָר שטאַרק געוואָלט האָבן
אַ זון וועלכער זאָל ווערן דער קרוין־פּרינץ. אָבער אַז די טאָכ־
טער איז אַ ביסל גרעסער געוואָרן, און עס האָט זיך אַרויס־
געוויזן איר גרויסע חכמה, איז פון אים אַוועקגענומען געוואָרן
אויך די זאָרג. די איינוווינער פון לאַנד האָבן דאָ באַשטימט
אַז די טאָכטער פונעם מלך זאָל קעניגן נאָך איר פאָטער. אַזוי

האָט איצט אָנגעהויבן די געלונגענע טאָכטער פון דעם מלך אַנצופילן זיין לעבן מיט זיסן נחת.

צען יאָר האָט געדויערט דער נחת, די גאַנצע מדינה האָט נאָר געשמועסט פון דער טיפער חכמה וואָס וואַקסט מיט מיט דעם שיינעם קעניגלעכן קינד. דער מלך האָט שוין אויסגע־קוקט אויף דעם טאָג אַז ער זאָל קאָנען אין זיין לעבן איבער־געבן זיין קעניגלעכע קרוין פאַר זיין טאָכטער, אָבער אַהאַ! פלוצים ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג איז דער גאַנצער נחת צעשמעטערט געוואָרן אויף שטויב. זיין גרויס גליק איז אומ־געקערט געוואָרן פאַר אַ שרעקלעך אומגליק.

**והנה נמצא.** נישט ווייט פון אונזער מדינה געפינט זיך אַ גע־דריטלט אינזל (אַן אינזל וואָס פון דריי זייטן איז עס אַרומגע־נומען מיט וואַסער און אויף דער פערטער זייט איז עס באַהאַפטן צו דער וועלט), דאָס אינזל רופט זיך „דאָס ריזן־אינזל” ווייל דאָרט געפינען זיך אַלע ריזן וואָס זענען פאַראַן אויף דער וועלט.

שוין הונדערטער יאָרן וואָס מיר יהודים ליידן פון די ריזן, דאָס איז אונז געבליבן אַ ירושה פון המן־הרשע. ווען המן איז געוואָרן מיניסטער־פרעזידענט ביי דעם מלך אחשוורוש, און אחשוורוש האָט אים באַשטעטיקט זיין פּלאַן אומצוברענגען דאָס יידישע פאָלק, איז ער, המן, געשטאַנען פאַר אַ שווער פּראָב־לעם. ער האָט נישט געהאַט ווער עס זאָל אויספירן די גזירה. דאָס פרס׳ישע פאָלק האָט גאַנץ גוט געלעבט מיט די יהודים אין פרס, האָט ער זיך געשראָקן אַז זיי וועלן נישט אַזוי פּונקט־לעך אויספירן די גזירה. ביים סוף האָט המנ׳ס קאָפּ אויסשפּע־קולירט אַ פּלאַן, ער האָט אַרויסגעשיקט שליחים צו אַלע זייטן אין דער וועלט מיט בריף אין די הענט, און ער האָט זיי גע־זאָגט דאָס ווי עס געפינט זיך אַ ריז ערגעץ אין דער וועלט זאָל

צו אים אָנקומען אַ קאָפּיע פון דעם בריף. אין דעם בריף איז אַזוי געשטאַנען געשריבן.

פון מיר, דער מיניסטער־פּרעזידענט פון מלך־פּרס וואָס געוועלטיקט איבער דער גאַנצער וועלט. צו מיינע חשובֿע ברידער, די בני־ענק, די לייבלעכע אייניקלעך פון דעם גרויסן עוג־מלך־הבשן.

אַזוי ווי ס'איז באַוווּסט אין דער וועלט, איז אייער גרויסער זיידע עוג דער איינציקער מענטש וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן פון דער גרויסער וועלט־פאַר־פלייצונג ווען עס האָט מער פון פערציק טעג זיך גע־שאָטן פון הימל ווי מיט שעפער הייס קאָכעדיק וואַסער און קיין שום באַשעפעניש — אַ חוץ נח מיט די וואָס האָבן זיך געפונען אין זיין שיף — איז נישט איבער־געבליבן אויף דער וועלט, דעמאָלט האָט זיך אַרויס־געוויזן די טיפע חכמה פון אייער זיידע און זיין רי־זיקע שטאַרקייט, מיט דעם וואָס ער האָט זיך געראַטע־וועט. זייט דעמאָלט האָט אייער זיידע געהייסן דער גרעסטער פירער פון דער וועלט, פון אַלע שרעקלעכ־סטע מלחמות וואָס זענען פאָרגעקומען אין דער וועלט איז ער געראַטעוועט געוואָרן אפילו פון די גרויסע און שרעקלעכע וועלט־מלחמה ווען דער מלך כדרלעמר האָט מלחמה געפירט מיט די מלכים פון סדום און ער האָט געשלאָגן אַלע ריזן איז ער, דער איינציקער עוג געראַ־טעוועט געוואָרן, הונדערטער יאָרן האָט ער געלעבט אַליין איינער פון די גרעסטע געוועלטיקער פון דער וועלט, און ער וואָלט נאָך געוויס געלעבט ביז דעם היינטיקן טאָג ווען נישט דער גרויסער פירער פון די

יידן משה, זייער משה האָט אים אַזוי דערצערנט אַז אייער זיידע איז געלאָפן ביז צו אַ גרויסן באַרג און האָט אים אויסגעריסן און אים גענומען אויפן קאָפּ און גע־לאָפן מיט אים, ער זאָל אים אַרויפוואַרפן אויף זייער משה, ווי ער איז אַזוי געלאָפן מיט דעם באַרג האָבן די מאַרישקעס מיט די ווערעם אויסגעקייט אַ לאָך אין דעם באַרג אַרום זיין קאָפּ, איז דער באַרג אַרויפגעפאַלן אויף זיינ פּלייצעס, ער האָט זיך געוויס געפרייט ווייל ס'איז אים גרינגער געוואָרן אים צו טראָגן, אָבער ווי ער קומט צו לעבן משה און וויל אויף אים אַרויפוואַרפן דעם באַרג, דאָ האָט דער יידישער פירער באַוויזן איינס פון זיינע ווונדער, פאַר אייער זיידע עוג איז פּלוצים אַרויסגעוואַקסן צוויי לאַנגע ציין און דער באַרג איז אים געלעגן אויפן האַלדז ווי אַ רינג. ער האָט אים נישט גע־קאָנט אַראָפּנעמען פונעם קאָפּ.

פון דעם אַלעם וואָלט נאָך אייער זיידע געקאָנט לעבן ביז דעם היינטיקן טאָג, ווייסט איר אָבער וואָס דער משה האָט געטאָן מיט אים, הערט אייך גוט איין! ווייל פון דעם וועט איר זען דאָס כאָטש איר זענט גאָר גרוי־סע ריזן, איז נאָך אייער זיידע געווען אַ פיל גרעסערער ריז, און ווען ער לעבט געווען היינט וואָלט געוויס גע־ווען די גאַנצע וועלט אונטער אים.

דער משה וואָס איז אַליין געווען הויך צען איילן האָט גענומען אַ שפּיז פון צען איילן אין זיינע הענט און האָט געגעבן אַ הויכן שפּרונג פון צען איילן, הערט אייך איין! און נאָך אַלעם האָט ער אים ערשט אַריינגעהאַקט אין זיין קנעכל ביין פון פוס, און ער האָט געהאַקט ביז ער האָט אייער זיידע וואָס האָט געהאַט דעם גרויסן באַרג

אויפן האַלדז געהרגעט. אָבער נישט נאָר אייער זיידע עוג האָט ער געהרגעט, נאָר אויך מיין זיידע „אגג" מיט מיין גאַנץ פאָלק וואָס האָט געהייסן „עמלק", איז צוליב אים אומגעקומען.

איצט מיינע ברידער! איצט איז געקומען די צייט מיר זאָלן זיך נוקם זיין אונזערע זיידעס נקמה אין דעם יידישן פאָלק, קיינער פון אייך זאָל זיך נישט פאַר־מיידן, אַלע זאָלן אַרויפקומען צו מיר אויף „שושן־הבירה", דאָ וועלן מיר צוזאַמען געבוי אויספלאַנעווען ווי אַזוי אומצוברענגען דאָס יידישע פאָלק".

— דער אָריגינעלער בריף פון המנ'ען — זאָגט דער יהודי — געפינט זיך נאָך עד היום ביי די ריזן אויף דעם געדריטלטן אינזל. און דערציילט ווייטער.

ווי המן האָט אַרויסגעשיקט דעם לאַנגן בריף וואָס הייסט „מגילת־המן" האָבן זיך צו אים צוזאַמען געזאַמלט אַלע ריזן וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער וועלט, די ריזן זענען געוואָרן די לייב־גאַרדע פון המנ'ען, זיי האָבן שוין געוואַרט אויף דעם טאָג ווען עס איז באַשטימט געוואָרן אויסצופירן המנ'ס גזירה קעגן די יהודים (אַזוי ווי עס איז גענוי באַשריבן אין „מגילת־אסתר"). ווען השי"ת האָט מיט זיין רחמנות אויף דעם יידישן פאָלק איבערגעדרייט דאָס רעדל, און מרדכי־הצדיק איז געוואָרן משנה־למלך, און המנ'ען האָט מען געהאָנ־גען אויף דער פופציק איילן־קער תליה, האָבן די ריזן געמאַכט אַן אויפשטאַנד און זיי האָבן זיך געוואָלט האַלטן ביי המנ'ס באַפעל. מרדכי־הצדיק איז אָבער געווען אַ גרויסער קריגס־פירער, האָט ער געפירט אַ מלחמה וואָס איר גלייכן איז נאָך נישט געווען אין דער וועלט. הונדערטער ריזן זענען געפאַלן ער האָט נישט איבערגעלאָזט קיין איינעם, אַחוץ עטלעכע ריזן

וואָס זענען אַנטלאָפן מיט זייער לעבן אין די הענט. זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין די קליינע שטעטלעך. דעריבער האָט אין דער שטאָט „שושן" ווו עס האָבן זיך געפונען די ריזן געדויערט די מלחמה מער ווי אין גאַנצן לאַנד (אַזוי ווי עס איז באַשריבן אין דער מגילה). ווען עס זענען געקומען די פורים־טעג דאָס צווייטע יאָר, האָבן די יידן אַרויסגעזוכט די באַהאַלטענע ריזן פון זייערע פאַרבאָרגענע פלעצער און מען האָט זיי אַרויפגע־שלעפּט אויף דער תליה.

אַז די פּאָר איבערגעבליבענע פאַרבאָרגענע ריזן האָבן געזען וואָס דאָ גייט פאָר, האָבן זיי פאַרשטאַנען אַז אויב זיי וועלן איבערבלייבן אין פרס דאָרט ווו מרדכי־הצדיק איז געוואָרן דער מיניסטער־פּרעזידענט וועלן זיי אַלע סוף־כל־סוף קומען צו דער תלייה, האָבן זיי צוזאַמען גענומען זייערע משפּחות און איבער די נעכט זיך געשלעפּט דורך די מדבריות ביז זיי זענען צוגעקומען צום דעם דרייעקיגן אינזל וואָס איז דעמאָלט געווען אַ פּוסטער מדבר און קיין שום מענטש האָט דאָרט נישט גע־וווינט.

פון די פּאָר ריזן איז מיט דער צייט געוואָרן הונדערטער און טויזנטער ריזן, זיי געפונען זיך ערגעץ דאָרט צווישן די גרויסע מדבריות פון דעם דריי־עקיגן אינזל, אָבער די שנאה צו יהודים ברענט אין זיי ווי אַ ווילד פייער, שוין הונדערטער יאָרן וואָס יהודים ליידן פון זיי גאָר אָן אַ שיעור. כאָטש זיי האָבן די לעצטע הונדערטער יאָרן נישט געטשעפּעט קיין שום מלוכה, ציטערן פאַר זייער שטאַרקייט אַלע מלכים, ווייל יעדער ווייס אַז זיי, די ריזן, האָבן בכוח חרוב צו מאַכן די גאַנצע וועלט. אָבער ביז צו דעם אומגליק פונעם מלך פון מדינת־אופיר האָט יעדער געוווּסט אַז די ריזן ניצן זייער כח נאָר אַנטקעגן יהודים.

ז.

מיט עטלעכע יאָר צוריק, אין מיטן אַ שיינעם העלן זומער טאָג, האָב איך געפילט ווי מיין הויז טרייסלט זיך עפּעס, איך בין געווען זיכער אַז דאָס איז אַן ערד־ציטערניש. איך געם די קינדערלעך און לויף מיט זיי אַרויס אין גאַס, כדי אויב דאָס הויז וועט איינפאַלן זאָלן מיר נישט גלייך באַגראָבן ווערן אונ־טער אירע חורבות. ווי מיר קומען אַרויס אויף דער גאַס האָבן מיר געזען דאָס גרויסע געררויש וואָס עס האָט זיך געטאָן אין שטאָט, אַ חלק מענטשן זענען שוין געווען אין גאַס און דער אַנדערער חלק האָט זיך געהאַלטן אין שלעפּן מיט די קינדער אין די וויגן, אַלעס איז געווען זיכער דאָס עפּעס אַ שטאַרקער ערד ציטערניש האָט אויפגעטרייסלט די שטאָט. אָבער ווי בי־טער איז אונז געוואָרן פאַר די אויגן ווען מיר האָבן געזען פון וואָס די הייזער האָבן זיך דערציטערט. צענטליקע הויכע ריזן זענען געריטן אין די גאַסן פון שטאָט. אין זייערע הענט האָבן זיי געהאַט גרויסע פּויקן און מיט זיי געקלאַפּט. נאָך יעדע פּאָר מינוט פּיוקן און קלאַפּן האָבן זיי מיט זייערע דונערנדיקע קולות געשריגן אַז אַלע מענטשן זאָלן גיין צום פּאַלאַץ פון מלך. די ריזן זענען רואיק צוגעריטן ביז צום פּאַלאַץ. ווען זיי זענען אַהין צוגעקומען זענען שוין דאָרט געווען אַלע איינ־וווינער און מיט גרויס אומגעדולד און פּחד געוואַרט.

ווי די ריזן זענען אָנגעקומען צום קעניגלעכן פּאַלאַץ זענען גלייך עטלעכע פון זיי אַרייַן צום מלך, די שומרים פון מלך האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל. זיי האָבן זיך געפרייט אַז די ריזן האָבן זיי נישט געזען. די ריזן וואָס זענען געבליבן אין דרויסן האָבן זיך גענומען רעדן צו די טויזנטער דערשראָקענע מענטשן וואָס זענען געווען פאַרזאַמלט ביים קעניגלעכן פּאַלאַץ.

שטילע איינוווינער — האָבן די ריזן מיט דונערנדיקע קולות

אויסגערופן — מיר זענען נישט דאַרשטיק אויף אומשולדיק בלוט, דעריבער ווילן מיר אייך מגלה זיין וועגן וואָס מיר זע־נען געקומען. מיר האָבן געבראַכט אַ בריף פון אונזער גרויסן מלך צו אייער מלך, נאָר נאָר אַזוי ווי מיר ווייסן דאָך אַז אייער מלך וועט אייך נישט דערציילן וואָס עס שטייט אין דעם בריף, און דאַדורך וועט ער אויף אייך אַלעמען ברענגען אַ שרעקלעך אומגליק, דעריבער לייגען מיר אייך דאָ פאָר אַ קאָפּיע פון דעם בריף כדי איר זאָלט וויסן וואָס דאָ גייט פאָר און איר זאָלט פאַרשטיין וואָס צו טוען. — הערט אייך איין דעם בריף, — האָט אַ ריז געגעבן אַ שריי אויס, און מיט אַ דונערנדיק קול זיך גענומען אים פאָרלייענען.

פון מיר דער גרויסער און שטאַרקער מלך בני־ענק (די ריזן), דער לייבלעכער יורש פון ריז־שבריזן עוג־מלך־הבשן — צו דעם רייכן מלך פון דער גאָלד־מדינה וואָס הייסט „אופיר". דער פאָ־טער פון דער בת־המלכה וואָס איר חכמה קלינגט איבער דער וועלט.

געערטער מלך! לויט ווי איך בין אינפאָרמירט איז דיין טאָכטער — כאָטש זי איז נאָך גאָר ייִנג — די קלוגסטע און פאַרשטענדלעכסטע בת־המלכה אויף דער וועלט.

עס איז דיר געוויס באַקאַנט אַז איך האָב דריי זון אוי! אַזוי ווי אַלע דריי זענען גאָר געלונגענע, דאָס יעדער איינער איז ראוי צו ווערן מלך, דעריבער האָב איך צע־טיילט מיין מלוכה אויף דריי טייל, און איך האָב יעדן זון געוואָלט געבן אַ חלק אויף וועלכן ער זאָל געוועלטיקן. אָבער ווען איך האָב דאָס געוואָלט זיי געבן איז געוואָרן

אַ גרויסע מחלוקה צווישן זיי. יעדער איינער פון זיי וויל איך זאָל אים געבן דעם חלק מדינה ווי איך אַליין קעניג, דעריבער האָב איך באַשלאָסן דאָס איך זאָל שיקן נאָך דיין טאָכטער, די גרויסע חכמת, און וועלכן זון זי וועט אויסקלויבן פאַר אַ חתן, דער זון איז דאָך געוויס דער קלוגסטער, אים וועל איך איבערגעבן מיין מלוכה און ער וועט זיין דער ראש פון זיינע צוויי ברודער.

געוויס וועסטו דיך פילן פאַר דעם גליקלעכסטן מלך, אַז דו האָסט די זכיה דאָס דיין טאָכטער זאָל חתונה האָבן מיט דעם שטאַרקסטן מלך אין דער וועלט.

עס איז איבריק צו באַמערקן אַז וועלכער מלך עס טרעט איבער מיין באַפעל ווערט ער צוזאַמען מיט זיין פאָלק פאַרניכטעט.

איך האָף אַז דו וועסט מיט גרויס כבוד געבן דיין טאָכטער צו מיינע שליחים. דריי טעג וועלן מיינע שלי־חים וואַרטן ביז דו וועסט דיך געזעגענען פון דיין טאָכ־טער.

פון מיר „עוג"

דער נייַנאונדרייסיקסטער

מלך־בני־ענק

ווי די ריזן האָבן געענדיקט אויפצולייענען דעם בריף פון זייער מלך פאַר די פאַרזאַמלטע טויזנטער מענטשן, האָבן זיי געזאָגט מיט אַ שטרענגן קול.

איצט, הערט אייך איין ליבע און חשובע איינוווינער, ריזן זענען נישט גורס קיין לאַנגע דיבורים, אויב עס וועט נישט אויסגעפירט ווערן דער באַפעל פון אונזער מלך, וואָס ער איז דער ריכטיקער יורש פון דעם גרויסן עוג, סיי אין חכמה, סיי אין גבורה, וועט ער נישט מאַכן קיין שאלות נאָר

ער וועט קומען און חרוב מאַכן די גאַנצע מדינה, עס וועט נישט בלייבן אין איר קיין נפש־חיה. פון אַ מענטש ביז אַ פליג וועט אַלעס אויסגעהרגעט ווערן. זעט, מיר האָבן אייך געוואָרנט!

ווען די ריזן האָבן געענדיקט זייערע ווערטער האָבן זיי נאָך צוגעוואַרט עטלעכע מינוט אויף די ריזן וואָס זענען געווען ביים מלך אין שטוב, ווען יענע ריזן זענען אַרויסגעקומען האָבן זיך די צענטליקער ריזן אויפגעזעצט אויף זייערע פערד און האָבן נאָכגעשריגן צו די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן מיט אַ דונערנדיק קול וואָס האָט יעדן דערציטערט ביים האַרץ, אין דריי טעג אַרום וועלן מיר זיין צוריק. אויף דעמאָלט זאָל זיין אַלע גרייט צו דער נסיעה, בלייבט געזונט. מיר וואָרענען אייך נאָך אַ מאָל האָט רחמנות אויף אייך אַליין און אויף אייערע קינדער. דאַן זענען זיי אַרויסגעפאָרן פון דער הויפּט־שטאָט, אָבער דאָ האָבן זיי זיך נישט אַוועקגעזעצט אויסרוען נאָך אַזאַ שווערער אַרבעט פון שרייערײַ און פויקערײַ וואָס זיי האָבן דאָ אין די׳דשטאָט אָפּגעאַרבעט, נאָר זיי האָבן זיך צעטיילט אויף פאָרן פון צו דריי ריזן. יעדע דריי ריזן זענען אַוועק גע־ריטן אין אַן אַנדער שטעטל פון די אַרומיקע שטעטלעך פון דער הויפּטשאָט און האָבן דאָרט מודיע געווען די בשורה, פון זייער שליחות. אַזוי זענען זיי געריטן פון שטעטל צו שטעטל. אויף וועלכן אָרט זיי זענען געקומען איז געוואָרן אַ גרויסע מהו־מה, און אויף יעדן איז געפאַלן אַ שרעקלעכער פחד. אַ גרויסער חלק פון די איינוווינער פון די שטעטלעך זענען גלייך ווי זיי האָבן דערהערט די ווערטער פון די ריזן, געפאָרן צו דער הויפּט־שטאָט, זען וואָס עס וועט זיך אָפּטאָן, און אַ טייל נעמען אין דער החלטה וואָס מ׳וועט דאָרט באַשליסן, צי מ׳זאָל געבן די בת־המלכה צי נישט.

די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן וועלכע די ריזן האָבן איבערגעלאָזטביים קעניגס פּאַלאַץ זענען נישט אַ היים צו זייערע הייזער ווען די ריזן זענען זיך אַוועק גערייטן, נאָר זיי זענען דאָרט געבליבן און מיט צעבראָכענע הערצער גערעדט איינער מיטן צווייטן, צי מ׳זאָל זיך לאָזן הרגענען וועגן דער בת־המלכה צי נישט. דאָס אַז מ׳זאָל מלחמה פירן מיט די ריזן איז קיינעם נישט אויפן געדאַנק געקומען ווייל ווער איז דאָס אימשטאַנד מלחמה צו פירן מיט ריזן. עס האָט נאָך געקלונגען אין דער וועלט די מעשה וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק, אַז עפּעס אַ שיף מיט אַ פופציק ריזן האָט זיך צעבראָכן נישט ווייט פון אַ פּאָרט פון אַ גרויסער שטאָט, האָבן די ריזן פון דעם שיף געווינקען צום פּאָרט אַז מ׳זאָל זיי קומען העלפן, אָבער די מענטשן פון פּאָרט האָבן זיך געשראָקן צוצו־גיין צו די מענטשן־פרעסערס איז קיינער נישט געגאַנגען און דאָס שיף מיט עטלעכע ריזן זענען אונטערגעגאַנגען אונטער די וואַסערן. דער גרעסטער טייל ריזן האָבן זיך אָבער געראַטע־וועט דאַדורך וואָס זיי האָבן געקאָנט גאָר גוט שווימען, זענען זיי צוגעשווומען צום פּאָרט. פון גרויס כעס אויף די מענטשן פון פּאָרט וואָס זענען זיי נישט געקומען העלפן האָבן די עט־לעכע ריזן חרוב געמאַכט די גאַנצע שטאָט. דעריבער וועגן מלחמה פירן מיט די ריזן האָט קיינער נישט געטראַכט, דאָס רעדעריי און שרייעריי צווישן די מענטשן איז נאָר געווען אַז אַ טייל מענטשן האָבן געזאָגט, מיר ברויכן זיך לאָזן הרגענען און די קרוין־פרינצעסין נישט איבערגעבן מיט אונזערע הענט צו די מענטשן־פרעסערס, און דער גרעסערער טייל מענטשן ווידער האָבן געזאָגט, די ריזן וועלן דאָך ממילא נעמען די בת־המלכה מיט געוואַלד. נאָר אויב מיר וועלן זי נישט געבן מיט אונזער ווילן וועלן זיי האָבן אַ געלעגנהייט אונז אַלע אויסצו־

הרגענען, דעריבער איז בעסער מ׳זאָל זי יאָ איבערגעבן און דאַדורך וועט מען כאָטש זיך ראַטעווען. איבער דער גאַנצער צייט זענען אַלע מענטשן פון דער הויפּטשטאָט געשטאַנען ביים קעניגלעכן פּאַלאַץ.

פון טאָג צו טאָג איז די מהומה און געשרייעריי אַלץ גרע־סער און גרעסער געוואָרן, דערווייל האָבן זיך אַלץ אונטערגע־ריקט נייע טויזנטער מענטשן פון דער געגנט ווו די ריזן האָבן דערגרייכט מיט זייערע מודעות. ווי שפּעטער אַ טאָג איז די מיי־נונג פון דעם גרעסערן טייל מענטשן וואָס האָבן געהאַלטן מ׳זאָל זי יאָ געבן אַלץ שאַרפער געוואָרן. עס איז שוין צוגעקומען דערצו אַז. אַ טייל מענטשן האָבן מיטן קול געשריגן מיר מוזן אַריין צום מלך און זי אַרויסנעמען מיט געוואַלד און זי געבן בכבוד פאַר די גזלנים, ווייל ווען נישט זענען מיר אַלע פאַר־לוירן. עס האָט אויסגעזען אַז יעדע מינוט וועט דאָ אויסברעכן אַ שרעקלעכער בירגער־קריג, צווישן די וואָס האַלטן מ׳זאָל לאָזן דעם מלך טאָן וואָס ער וויל און צווישן דעם גרעסערן חלק וואָס האָבן געהאַלטן מען זאָל זי געבן אפילו דער מלך וויל נישט.

וואָס עס האָט זיך נעבעך אָפּגעטאָן אין קעניגלעכן הויז אַליין, איז קיין מענטש נישט אימשטאַנד צו דערציילן. די מלכה האָט נעבעך געריסן זיך ביים קאָפּ אויף דעם שרעקלעכן אומגליק וואָס זיי געפינען זיך דערין. עס קומען איר אויף אירע געדאַנ־קען די שיינע קעניגלעכע סעודה וואָס דער מלך האָט געמאַכט ווען דאָס פאָלק האָט באַשלאָסן אויפצונעמען די טאָכטער אַלץ מלך נאָך אים, און איצט . . .

די יועצים פון מלך האָבן אַ גאַנצע צייט געוואָלט אַריין צום מלך און אים איבערגעבן וואָס פאַראַ שטורעם עס טוט זיך צווישן דעם שרעקלעכן המון־עם וואָס וואַקסט פון מינוט צו

מינוט. אָבער דער מלך איז געווען פאַרשלאָסן, קיינעם האָט ער צו זיך נישט אַריינגעלאָזט. דעם דריטן טאָג גאַנץ פרי, אין דעם טאָג ווען די ריזן האָבן געדאַרפט צוריקקומען, האָבן זיך די יועצים אַריינגעכאַפּט אין מלכ׳ס צימער מיט דער האָפענונג אַז זיי וועלן אים איבעררעדן אַז ער זאָל אַליין געבן זיין טאָכ־טער צו די ריזן. אָבער ווי דערציטערט זענען די יועצים גע־וואָרן ווען זיי האָבן געזען דעם מלך זיצן אויף זיין שטול, זיין פּנים איז געווען ווייס און דערשראָקן און ער האָט אויסגעזען ווי האַלב פאַרחלשט. דער קעניגלעכער דאָקטער איז אַ גאַנצע צייט געשטאַנען לעבן אים און האָט אים געפּרוּווט אויפצו־פרישן, אָבער דאָס האָט גאַנץ ווייניק געהאָלפן, דער מלך ווייס נישט וואָס מ׳רעדט צו אים. דער דאָקטער זאָגט די יועצים זיי זאָלן וואַרטן אין צווייטן צימער, ער האָפט אַז באַלד וועט זיין אַ בעסערונג אין זיין לאַגע. די יועצים גייען אַריין אין צווייטן צימער מיט טרויעריקע אויגן קוקן זיי אויף דעם שיינעם קע־ניגלעכן הויף וואָס האָט געגלאַנצט פון אַלע זייטן פון די פילע גאָלדענע און זילבערנע צירינגען וואָס עס איז געווען באַצירט מיט זיי. אין מיטן הויף איז געשטאַנען די אַלטע קעניגלעכע בימע. דאָס איז געווען אַ בימע פון ריין גאָלד און לויט די אויפיר׳ישע היסטאָריע האָט די בימע נאָך געבויט זייער גרוי־סער מלך וואָס האָט געקעניגט אין שלמה־המלך׳ס צייטן. אויף דער בימע פלעגט יעדער נייער מלך איבערגעבן זיין שבועה צום פאָלק „דאָס ער וועט זיין געטריי פאַר דעם לאַנד“. נאָכ־דעם וואָס ער איז געקריינט געוואָרן. אויך ווען דער מלך האָט געהאַט גאָר אַ וויכטיקע רעדע צום רעדן צום פאָלק האָט ער אויך פון דער בימע גערעדט. געוויינטלעך איז יעדן מלך אויס־געקומען אַ צוויי־דריי מאָל אין זיין לעבן צו רעדן פון דער בימע צום פאָלק. ווי די יועצים האָבן איצט געקוקט אויף דער

שיינער בימע קומט זיי אויף די געדאַנקען די לעצטע רעדע וואָס דער מלך האָט גערעדט אויף דער בימע. זיי דערמאַנען זיך מיט וואָס פאַראַ פרייד דער מלך האָט דעמאָלט גערעדט, און מיט וואָס פאַראַ גליק ער האָט געקוקט אויף זיין קליינער טאָכטער וועלכע איז לעבן אים געשטאַנען, ווען ער האָט גע־זאָגט די ווערטער אַז די קרוינפּרינצעסין וועט אַלט ווערן אַכצן יאָר וועל איך איר איבערגעבן מיין קרוין, און זי וועט זיין אויך איבער מיר דער קעניג. ווייל איך וויל נאָך מיט מיינע אויגן זען ווי דאָס לאַנד וועט שיינען און בליען אונטער איר קלוגער און פאַרשטענדלעכער רעגירונג". דאָס פּנים פונעם מלך האָט דע־מאָלט געגלאַנצט פון נחת, און איצט . . .

— אוי ווי קורץ איז דער בליק פון דעם מענטש — טראַכטן זיך די יועצים ווען זיי האָבן איצט געקוקט אויף דער בימע וואָס איז געלעגן ווי אָפּגע׳יתומ׳ט. קוקנדיק אַזוי אויף דעם הויף דערזען פלוצים די יועצים פאַר זייערע אויגן ווי די בת־המלכה גייט אַרויף מיט שנעלע טריט אויף דער גאָלדענער בימע. דאָס גערויש און געטומל וואָס האָט זיך ביז איצט געטוען אין דרויסן פאַר דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ פון די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן איז ווי אָפּגעהאַקט געוואָרן. ווען די מענטשן האָבן דערזען די בת־המלכה אויף דער אַלטער קעניג־לעכער בימע זענען אַלע שטיין געבליבן, און אַ טויט־שטילקייט האָט אַלעמען אַרומגענומען.

— טרייע בירגער! — האָט די בת־המלכה מיט אַ טרויעריקע שטימען אויסגערופן — טרייע בירגער, איך האָב ניט געוואָלט צו דער עצה וואָס מיינע גוטע פריינט ראָטן מיר אַז איך זאָל אין דער שטיל אַריבערפאָרן צום דעם קעניגלעכן הויז פון אַ שכנות׳דיקער מדינה און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן פון די ריזן. ווייל וויסנדיק דעם גרויסן געפאַר וואָס עס דראָט אויף אונ־

זער מדינה קאָן איך נישט קוקן אויף מיין אינטערעס און אויף מיין לעבן. כאָטש איך ווייס גאַנץ קלאָר וואָס דאָס הייסט צו זיין ביי ריזן, איבערהויפּט אין מיין מצב וואָס איך וועל זיך געפינען, דאָס גלייך ווי איך וועל אַהין קומען וועלן מיר ווערן צוויי פון די בן'אָקעס פון דעם מלך פון די בני־ענק שונאים אויפן לעבן, ווייל דורך מיר וועלן זיי דאָך פאַרלירן די הויפּט־מלוכה. אָבער ליבע בירגער! אייער פרידן און דער פרידן פון אייערע קינדער איז ביי מיר פאַר מיין לעבן.

געערטע איינוווינער! איך גיי מיט פרייד צו דעם זיכערן טויט, ווייסנדיק דאָס מיט דעם ראַטעווע איך אָפּ אייער לעבן. אָבער דאַקעגן ברויכט איר פילן ביי אייך אַ פליכט אויך אַקעגן מיר. איך גיי טאַקע מיט פרייד אָבער אין דער זעלבער צייט קלעמט מיך אויך ביים האַרץ, מיינע געדאַנקען פּייניקן מיך ווייל איך ווייס דאָס מיין אומגליק וועט שטאַרק ווירקן אויף מיין גרויסן פאָטער, און דער געטרייער איבערגעגעבענער מלך וועט ווייטער נישט קאָנען פירן מיט אַזאַ געהויבנקייט די מלו־כה ווי ביז איצט. דעריבער ווענדע איך זיך צו אייך, צו אייערע מענטשלעכע געפילן, אַז איר זאָלט שטענדיק פאַר אויגן האַלטן דאָס צוליב אייער לעבן איז דאָס אים געקומען.

געדענקט! — האָט זי נאָכאַמאָל אויסגעשריגן מיט אַ האַרצ־רייסנדיקער שטימע ווען פון איר אויג קייקלט זיך אַרויס אַ גרוי־סער ביטערער טרער — געדענקט מענער און ווייבער! גע־דענקט עלטערן און קינדער! אייער גרויסער מלך איז וועגן אייער לעבן געבליבן אָן זיין איינציק קינד.

אין דער גאַנצער וועלט איז איינגעפירט — זאָגט ווייטער די בת־המלכה מיט אַ וויינענדיק קול — דאָס דעם לעצטן פאַר־לאַנג פון אַ נידון־למיתה דערפילט מען אפילו ער זאָל גאָר שווער אָנקומען. מיין לעצטער פאַרלאַנג פון אייך מיינע ליבע

איז, דאָס אייער פּאַטערלעכן מלך וועלכער האָט זיך די שענסטע יאָרן פון לעבן אָוועקגעגעבן צוליב אונז אַלע און צוליב אונ־זער מדינת אופיר, זאָלט איר ווייטער אים האַלטן מיט דער קעניגלעכער פּאַרכט, אויך אין דער צייט ווען זיין האַרץ ליגט צעשניטן פון ווייטאַק, אויך אין דער צייט ווען ער וועט נישט פירן די מלוכה מיט דער פּראַכט ווי ביז היינט. שטענדיק זאָלט איר וויסן אַז דאָס איז אייער גרויסער געטרייער מלך. גע־דענקט דאָס איז מיין לעצטע בקשה, און דאָס איז דער איינצי־קער געדענק צייכן וואָס איר קאָנט מאַכן נאָך מיר.

כל זמן די בת־המלכה האָט גערעדט האָט געהערשט אַ שטיל־קייט אויף אַלעמען, מ׳האָט געקאָנט הערן ווי אַ פליג פליט אין די לופטן. אָבער ווי זי האָט געהאַלטן ביי די לעצטע ווערטער האָט זיך פלוצים גענומען ציטערן די לופטן, די צענטליקער ריזן האָבן זיך אָנגערוקט מיט אַ גרויס גערויש.

ח.

ווי די ריזן זענען אָנגעקומען איז די בת־המלכה אַריין צו אירע עלטערן זיך געזעגענען מיט זיי. נאָך די דריי טעג וואָס איז אַריבער אויף אירע עלטערן זענען זיי שוין געווען גאָר אָפּגעשוואַכט, פון דעסטוועגן האָבן זיי זיך געשטאַרקט כדי זיי זאָלן נישט נאָך מער פאַרקלעמען דאָס האַרץ פון זייער קינד, אָבער ווי די מלכה האָט נאָר גענומען איר טאָכטערס האַנט צו זיך, האָט זיך פלוצים פון אירע אויגן אַרויסגעריסן אַ טייך טרערן, און מיט אַ האַרצרייסעדיקע שטימע האָט זי געגעבן אַ געשריי, מיין קינד! מיין קרוין! זאָלסט דיך היטן נישט חלילה אויפצורעגן איינעם פון דיווילדע טיראַנען, ווייל אין זיין כעס קאָן ער חלילה אַזאַ קליין באַשעפעניש ווי דו, צעמאָלן אויף שטויב. די טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן מיט אַ

שטראָם, מער האָט זי נישט געקאָנט רעדן. איצט איז די בת־המלכה צוגעגאַנגען צו איר פאָטער דער מלך, אָבער דער מלך האָט נישט געעפנט זיין מויל, ער האָט געפילט ביי זיך דאָס אויב ער וועט עפּעס זאָגן וועט ער זיך אַזוי צעוויינען אַז דאָס וועט שטענדיק קלעמען אויף זיין טאָכטערס האַרץ. דערי־בער האָט ער געשוויגן. ער האָט איר נאָר געגעבן עטלעכע גלעט מיט טרערן אין די אויגן. דאַן האָט זי אים געגעבן אַ קוש אויף זיין האַנט און מיט גרויס האַרץ־ווייטאָג זיך מיט אים גע־זעגנט.

ווי די בת־המלכה האָט זיך געזעגנט מיט אירע עלטערן זענען זיי געבליבן זיצן אויף זייער אָרט ווי פאַרגליווערטע מענטשן. די בת־המלכה וואָס האָט זיך געשראָקן אַז די ריזן וואָס האָבן ביז איצט געוואַרט גאַנץ ווייט פונעם פּאַלאַץ צווישן די פילע פאַרזאַמלטע מענטשן וועלן באַלד צו קומען און מאַכן אין קע־ניגלעכן הויז אַ געטומל איז אַליין אַרויס פון דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ מיט שנעלע טריט אַ דורך דעם שיינעם אַריינגאַנג צום פּאַלאַץ. ווען זי איז נאָך געווען נישט ווייט פון דעם שיינעם הויכן קעניגלעכן פּאַלאַץ גיט זי זיך פּלוצים אַ שטעל אָפּ. דאָס יינגע קינד וואָס האָט זיך איצט דערוויטערט פון אירע קעניג־לעכע עלטערן צו די שרעקלעכע ריזן האָט פּלוצים דערפילט אין איר יינג האַרץ ווי זי ווערט עלנד און אַליין. זי לאָזט אַראָפּ די אויגן צו דער ערד, און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ בעט זי ביי דעם וואָס איז דער ריכטיקער געוועלטיקער אויף דער וועלט אַז ער זאָל איר נאָך העלפן אַז זי זאָל נאָך צוריק קומען אַמאָל צו איר היימלאַנד און טרעפן אירע עלטערן לעבן.

ווען די בת־המלכה איז שוין צוגעקומען נישט ווייט פון די פאַרזאַמלטע מענטשן האָבן זיך אירע עלטערן ווי דערמונ־טערט. עס איז נישט אַריבער אַ קורצע צייט איז לעבן איר



די בת־המלכה שטייט ווי פֿאַריתומ׳ט אַרויסגייענדיק
פֿון איר פֿאָטערס פּאַלאַץ

געווען דער קעניגלעכער רייט־וואָגן, אין אים זענען געזעסן דער מלך מיט דער מלכה. זיי האָבן אַרויפגענומען זייער יינג קינד. איצט האָט זיך גענומען די גאַנצע מחנה גיין צום פֿאָרט. פֿאָרויס זענען געגאַנגען די ריזן, נאָך זיי דער קעניגלעכער רייט וואָגן, און אונטער דעם רייט־וואָגן די פֿילע טויזנטער מענטשן וועלכע האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין די דריי טעג. פֿאַרנדיק האָט די בת המלכה געפּרוּווט אַ ביסל צו פֿאַריאָגן דעם טיפֿן טרויער וואָס האָט אַרומגענומען אירע עלטערן, זאָגט זי צו זיי: מייַנע טרייע עלטערן! אַז איר האַלט מיך יאָ פֿאַר אַזאַ גרויסע חכמה? וואָס שרעקט איר אייך אַזוי שטאַרק וועגן מיין פֿאָרן צו די

ריזן? מיט מיין חכמה וועל איך זיך ביישטיין מיין שטעטל אפילו צווישן ריזן!

— וואָס פויעלט חכמה — ענטפערט איר די מוטער מיט אַ ווײנענדיקער שטימע — ווען מ'האָט צוטאָן מיט ווילדע טיראַנען, בחינם וועסטו פאַרשטיין אַז דו ביסט גערעכט, אָבער זיי וועסטו דאָס קיינמאָל נישט קאָנען געבן צו פאַרשטיין, און איך זאָג דיר טאַקע זאָלסט קיינמאָל נישט פרוון און נישט וועלן געבן צו פאַרשטיין דיין גערעכטיקייט פאַר אַ ריז. ווידער האָט זי געגאָסן אַ טייך טרערן פון די מלכה'ס פאַרוויינטע אויגן, און ווידער איז איר מויל פאַרשלאָסן געוואָרן. ווייטער האָט געהערשט אַ שטילקייט און אַזוי זענען זיי געפאָרן ביז צום פאָרט. דאָרט האָט געוואַרט אַ גרויסע ריזיקע שיף וואָס דער מלך פון די בני־ענק האָט געשיקט אין איר מקבל זיין די בת־המלכה.

וואָס עס האָט זיך אָפגעטאָן ווען דער מלך האָט זיך צעטיילט מיט זיין טאָכטער קאָן זיך קיין מענטש נישט פאָרשטעלן. נאָכן געזעגענען איז די בת־המלכה מיט צוויי פון אירע באַדינערינס אַרויף אויף דער גרויסער שיף, דאָרט האָט אויף זיי געוואַרט אַ שיינער עקסטערע קאַבינעט. נאָך אַ קורצער צייט האָט זיך דאָס שיף גענומען מיט אַ שנעלקייט דערווייטערן פון פאָרט און אין אַ קורצער צייט איז זי פאַרשוווּנדן געוואָרן צווישן די רוישיקע וואַסערן פון דעם שטראָמיקן ים.

טייכן טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אַלע איינוווינער צוקוקנדיק ווי דאָס שיף מיט זייער קרוינפּרינצעסין דערווייטערט זיך צו דעם דרייעקיגן אינזל. אַלע בירגער זענען אַרומגעגאַנגען ווי דעקלאַפּטע, עס האָט יעדן געריסן ביים האַרץ. דער מלך האָט פאַרשלאָסן זיין פּאַלאַץ אָנו קיין שום מענטש האָט נישט געקאָנט צו אים צו קומען, און אין קיין שום ענין פון די עניני

המלוכה האָט ער זיך נישט געוואָלט מישן. דאָס האָט אַזוי גע־דויערט עטלעכע וואָכן, אָבער נאָך אַ פּאָר וואָכן איז געקומען אַ ריז מיט אַ בריף צום מלך. דער בריף איז געווען געשריבן מיט דער אייגענער האַנט־שריפט פון דער בת־המלכה. דער בריף האָט אַביסל צוריק אויפגעלעבט דעם מלך. אין דעם בריף האָט די בת־המלכה באַשריבן דעם גרויסן קבלת־פּנים וואָס מ'האָט איר צוגעגרייט אין דעם דרייעקיגן אינזל. ווי דאָס שיף איז נאָר צוגעקומען צום דרייעקיגן אינזל האָבן טויזנטער ריזן געשריגן אויף זייער לשון זאָל לעבן די געערטע און קלוגע בת־המלכה, אונזער צוקונפטיקע קעניגין. ווען זיי זענען אָנגע־קומען צו דער הויפּט־שטאָט האָבן זיי אָפּגעוואַרט די דריי בני־המלך, און אַרום זיי זענען געווען ריזן גאָר אָן אַ צאָל, זיי האָבן געזונגען און געשפּילט מיט אַלערליי כלי־זמר, מיט גרויס פּאַ־ראַד האָט מען זי געפירט צום קעניגלעכן פּאַלאַץ, דאָ איז דער אַלטער מלך אַליין אַרויס אַנטקעגן איר. דער אַלטער מלך עוג דער ניינאונדרייסיקסטער האָט געגעבן אַ באַפעל אַז מ'זאָל אויסרופן דריי טעג חאָגע לכבוד דעם חשובן גאַסט. — איך קאָן גאָרנישט באַשרייבן דעם גרויסן כבוד וואָס מ'גיט מיר דאָ אָפּ. דעם טאָג פון דער חתונה האָבן זיי באַשטימט אויף אין דריי חדשים אַרום, דאָס קומט אויס אַ טאָג נאָך זייער גרויסער חאָגע. זיי דינען צו דעם ים און צו דעם מלך פונעם ים, דאָס איז דער גרויסער „לוויתן". מענטשן־פרעסער זענען אָבער פאָרט מענטשן־פרעסער, האָבן זיי גאַנצע שטאָלן מיט אונזערע מענטשן וואָס זיי גיבן זיי דאָרט גאָר גוט צו עסן, און דערנאָך ווען עס קומט זייער חאָגע שחטן זיי צו דעם ים און לוויתן די מענטשן וואָס זיי זעען אויס דאָס שענסטע און בעסטע. די זאַך טוט מר גאָר ווייַ אָבער איך קאָן גאָרנישט טאָן דאַקעגן, ווייל איינער פון די בני־המלך האָט מיר געזאָגט בסוד אַז אויב איך

וועל פאַרלאַנגען אַז מ׳זאָל נישט שחטן די קרבנות צו דעם גרויסן אָפּ־גאָט הייס איך דערמיט אַ מורדת־במלכות, און בין חייב־מיתה.

לויט ווי איך האָב ביז היינט געזען די דריי בני־המלך זענען זיי שטילע רואיקע ריזן, אין דריי חדשים אַרום וועל איך ברויכן זאָגן וועלכן איך וויל. איר ברויכט גאָרנישט צו זאָרגן וועגן מיר, ווייל עס איז מיר דאָ גאָר גוט.

דער בריף האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם גייסט און אַ פרישע חיות אין דעם קעניגלעכן הויז און אויך אין אַלע מענטשן פון דער מדינה. פיר חדשים האָט די שמחה געדויערט, אָבער די פיר חדשים זענען ווי אַריבער געפלויגן, נאָך זיי איז געקומען אַ טרויריקע צייט, און אַז די צייט איז אַ טרויריקע זעט זי אויס גאָר אַ לאַנגע. נאָך פיר חדשים קומט ווידער אַ ריז מיט אַ בריף אין די הענט. אָבער דעם בריף האָט שוין נישט געשריבן די בת־המלכה, נאָר דער מלך פון די בני־ענק אַליין. אין דעם בריף איז געווען אַזוי געשריבן:

ליבער מחותן! דער מלך פון מדינת־אופיר.

עס קלעמט מיר ביים האַרץ וועגן דעם גרויסן אומגליק וואָס האָט אונז ביידע געטראָפן. וואָס זאָל איך מאַריך זיין בדיבורים, אין דעם טאָג וואָס עס האָט געדאַרפט פאָרקומען די גרויסע שמחה, דאָס דיין טאָכטער זאָל חתונה האָבן מיט מיין מיטלסטן זון וואָס זי האָט פעסטגעשטעלט אַז ער איז דער גרעסטער חכם פון מיינע דריי זין, אין דעם טאָג זענען מיר זיך געאַנגגען בוקן צום ים פאַר דער גרויסער קעניגלעכער חתונה. צו אונזער אומגליק האָט זיך די חשובע כלה פלוצים געגעבן אַ גליטש אויס, און זי איז גלייך אַריינגעפאַלן אין אַ תהום־גרוב פון ים און איז אין אַן אויגנבליק פאַרשוואונדן גע־

ווארן. עס האָט נישט געהאָלפן וואָס מיינע קינצלעכע שווימער זענען גלייך אַריינגעשפּרונגען אין ים איר זוכן, מ'האָט פון איר נישט געפונען קיין צייכן. צוויי פון מיינע בעסטע שווימער זענען אויך דורך דעם צעריסן געוואָרן פון די ווילדע פיש, וועלכע געפינען זיך ביים ברעג פון דעם ים. זעט אויס אז דער לוויתן צערנט אויף אונז.

איך פאַרשטיי דיין ווייטאָק, אָבער קאָנסט זיין זיכער אַז מיין זונס ווייטאָק איז נאָך פיל גרעסער.

„עוג"

דער נייגאונדרייסיקסטער

מלך־בני־ענק

דער בריף איז געקומען אויפן מלך פון מדינת־אופיר ווי אַ דונער אין מיטן העלן זומער טאָג. נאָכדעם וואָס דער מלך האָט זיך שוין געפּרוּווט צו טרייסטן מיט דעם ערשטן בריף פון זיין טאָכטער אַז דאָס אומגליק, וואָס זי איז ביי די ריזן, איז נישט אַזוי גרויס, האָט אים דער צווייטער בריף אינגאַנצן דערקלאָפּט, דער בריף האָט אים ווי אויסגעריסן פון דער וועלט.

ער איז אַ גאַנצע צייט פאַרשלאָסן אינעם קעניגלעכן פּאַלאַץ און אַ חוץ די דאָקטוירים לאָזט ער צו זיך נישט צו קיין שום מענטש. און אין קיין שום זאַך וואָס האָט אַ שייכות צו דער פירונג פון לאַנד מישט ער זיך נישט אַריין. מיט דער צייט איז די מדינה געוואָרן ווי הפקר, עס איז שוין געקומען דערצו אַז מענטשן שרעקן זיך אין מיטן דער הויפּט־שטאָט אַרויס צו גיין פון שוועל פון דער טיר פון ווען עס הייבט אָן צו טונקלען ביי נאַכט, ווייל ווער עס גייט ביינאַכט אין גאַס איז איינגעשטעלט מיטן לעבן. דאָס איז אין דער הויפּט־שטאָט ווו עס געפינט זיך די קעניגלעכע וואַך, וואָס טוט זיך נאָך אין דער גאַנצער מדי־נה?! דאָרט איז ממש הפקר פאַר די גזלנים און רוצחים, די

רוצחים און די שליחים פון די ים־גזלנים, וואָס כאַפּן די מענטשן און גיבן זיי איבער פאַר די גזלנים וואָס פירן זיי מיט שיפן צו די מענטשן־פרעסערס, ווידמענען אַרום אין גאַנצן לאַנד ביי טאָג און ביי נאַכט. אויף דעם גאַנצן לאַנד ליגט זייער פּחד און מורא, אַזוי ווייט אַז די שופטים שרעקן זיך זיי צו משפּטן, ווייל ווי אַ שופט פאַרמשפּט איינעם פון די חברה, ווערט ער פּלוצים פאַרשווונדן און מער געפינט מען אים נישט. אָט דאָ — זאָגט דער געפאַנגענער צו דעם יהודי פון לודקיא, וועלכער האָט מיט נייגעריקייט אויסגעהערט צו דער געשיכטע וואָס דער געפאַנגענער האָט אם מיט אַזאַ ברען דערציילט. — אָט דאָ אין דער שיף פון די ים־גזלנים געפינען זיך ביי אַ צען שופטים וואָס די גזלנים האָבן אַוועקגעכאַפּט. — יענער הויכער וואָס וויינט אַזוי שרעקלעך — זאָגט ווייטער דער געפאַנגענער ווייזנדיק מיטן פינגער צו אַ ווינקל פון דעם שיף וואָס איז שוין באַלייכט געוואָרן פון די מאָרגן־שטראַלן — יענער איז געווען איינער פון די גרעסטע שופטים אין לאַנד. ער האָט זיך פאַר קיינעם נישט געשראָקן, אין אַ טאָג איז ער פּלוצים פאַרשווונדן געוואָרן, און געענדיקט מיט זיינע משפּטים.

מ׳רעדט עפּעס אַרום אין לאַנד אַז מ׳וועט ענדערן דאָס געזעץ אַז דער מלך דאַרף אונטערשרייבן אויף אַלע טויט־אורטיילן, אָבער ביז היינט איז נאָך גאָרנישט אַרויסגעקומען פון די אַלע אַרומרעדענישן, ווייל עטלעכע גוטע פריינט פון מלך שרעקן זיך אַז אויב מ׳וועט אָנהייבן צו ענדערן די געזעצן פונעם קעניגס רעכטן וועט דער מלך אין אַ קורצער צייט בלייבן אָן קיין שום רעכט, דעריבער שרייען זיי אַז יעדער אָנריר אין די רעכטן פונעם מלך הייסט אַז מ׳האָט געבראָכן די האַרצרייסנדיקע צוואה און דעם לעצטן פאַרלאַנג פון דער בת־המלכה וואָס זי האָט זיך געבעטן אַז „דער מלך זאָל ווייטער בלייבן ווי ביז

איצט. און אירע ווערטער וויל נישט קיין שום מענטש אין דער מדינה איבערטרעטן. עס קלינגט נאָך איר טרויריקע שטי־מע פון איר געזעגן־רעדע אין אַלעמענס אויערן. און ווען מ'דער־מאָנט זיך דערין צעגייט יעדנס האַרץ. אויך זאָגן די גוטע פריינט פונעם מלך אַז ווער עס וועט אָנרירן די געזעצן פונעם מלך וועט דערפאַר באַצאָלן מיט זיין לעבן, ווייל כאָטש דער מלך מישט זיך נישט אין קיין שום זאַך פון דער מלוכה, אָבער אַז ער וועט זיך דערוויסן אַז מ'האָט געבראָכן זיין טאָכטערס צוואה, וועט ער זיך שוין מישן, און אַ שרעקלעכע נקמה נעמען דער־פאַר. דעריבער איז נאָך ביז דעם היינטיקן טאָג נישט געענדערט געוואָרן דאָס געזעץ, און עס איז נאָך געבליבן ביים ערשטן. דערווייל ווערט דער מצב אין דער מדינה יעדן טאָג ערגער און ערגער, עס איז שוין געקומען דערצו אַז מיך האָט מען אין דער הויפט־שטאָט אין מיטן טאָג געכאַפּט און פאַרשלעפּט אין אַ הייל וואָס האָט זיך געפינען אין מיטן אַ וואַלד, דאָרט האָט מען מיך צוגעשטעלט צו דער לאַנגער קייט מענטשן וואָס זע־נען געבונדן איינער צום צווייטן, אַזוי ווי איר האָט מיט אייערע אויגן געזען ווען מ'האָט אונז אַרויפגעבראַכט אויפן שיף, און איצט ליג איך דאָ, און אין עטלעכע וואָכן אַרום וועל איך ליגן אָדער אין אַ קאָכעדיקן טאָפּ פון די מענטשן־פרעסערס אָדער אַ קרבן צום לוויתן ביי די ריזן. האָט מיט אַ טרויריק קול אויס־געלאָזט זיין דערציילונג דער געפאַנגענער. ווען ער האָט גע־ענדיקט האָבן זיך אים שוין געקלעפּט די אויגן פון שלאָף. דער יהודי פון לודקיאַ האָט אים שטאַרק געדאַנקט וועגן זיין דער־ציילן, און ווי דער יהודי פון לודקיאַ האָט זיך פון אים געזעגנט איז ער גלייך איינגעשלאָפן.

דער יהודי פון לודקיאַ איז אויך גאַנץ מיד געווען, נאָכדעם וואָס ער איז דאָ אויפגעווען אַ גאַנצע נאַכט, אָבער די געשיכטע

וואָס דער געפאַנגענער האָט אים דערציילט, און וואָס לכאורה האָט זי נישט געהאַט קיין שום שייכות צו דעם יהודי פון לודקיאַ האָט אים נישט געלאָזט שלאָפן. זיין קלוגער קאָפּ האָט זיך גענומען קאָכן ווי אַ קאָכעדיקער קעסל. פון טראַכטן צו טראַכטן איז ער געקומען צו אַ באַשלוס אַז נישט בחינם האָט מען פון הימל צוגעפירט אַז מ'זאָל אים דערציילן די גאַנצע געשיכטע איצט די לעצטע שטאַציאָן אידער זיי קומען אָן צו די מענטשן־פרעסער. ווייל דאָס איז ביי אים געווען קלאָר אַז פון דאַנען פאָרט מען גלייך צו די ריזן ווייל די שיף איז שוין פול מיט מענטשן. עס איז נישטאָ מער קיין אָרט אפילו אויף נאָך עטלעכע מענטשן. וועגן זיך האָט ער געוווּסט אַז ער געפינט זיך נישט אין אַזאַ גרויסער געפאַר, ווייל דער ראש־הגזלנים האָט אים דאָך געזאָגט אַז ער וועט אים קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן פון זיינע הענט, ווייל ער פילט אין אים אַ טרייען חבר וואָס זיין גלייכן האָט ער נישט צווישן אַלע גזלנים. אָבער ער האָט זיך געשראָקן וועגן די אַנדערע יהודים וועלכע געפינען זיך אויפן שיף, און זייער לעבן איז אין אַ גרויסער סכנה. עקסטער האָט דעם ער־לעכן יהודי פון לודקיאַ געקלעמט ביים האַרץ וועגן די געפאַנגע־נע יהודים פון עכו און פון לודקיאַ. ער האָט זיך געטראַכט אויב די יהודים וועלן חלילה געהרגעט ווערן איז דאָס דאָך געוויס וועגן דעם וואָס זיי האָבן זיך פאַרזינדיקט מיט דעם וואָס זיי האָבן מיך איבערגעגעבן אין די הענט פון די גזלנים, וועל איך מיר דאָס קיינמאָל נישט קאָנען מוחל זיין אַז יהודים זאָלן צו־ליב מיר געהרגעט געוואָרן.

נאָכדעם וואָס דער יהודי האָט פיל אַריין געטראַכט וואָס צו טוען, גייט ער אַרויף אויפן דעק פונעם שיף, דאָרט האָט זיך געטוען אַ גרויס געטומל און גערויש. די גזלנים האָבן געהאַלטן אין מיטן צוגרייטן די וויטערדיקע נסיעה, עס האָט זיך געטוען

אַ לויפּעריי הין און צוריק. דער ראש־הגזלנים האָט געהאַלטן אין איין שרייען און זיך רעגן. אין מיטן דעם געטומל קומט צו דער יהודי פון לודקיאַ צו דעם ראש־הגזלנים, מיט אַ שמייכל אויף זיין פּנים ווי זיין שטייגער פלעגט צו זיין, און זאָגט אים, מיין הער איך האָב מיט אייך גאָר וויכטיקס צו רעדן. דער ראש־הגזלנים שרייט זיך אויס אויף אים, עס מוז איצט זיין? ווען דו זעסט וואָס עס טוט זיך דאָ, עס איז דאָך צייט ווען מיר וועלן זיין אין מיטן דער נסיעה. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס דער ראש־הגזלנים האָט זיך געבייזערט אויף דעם יהודי. אָבער דער יהודי האָט זיך נישט פאַרלוירן, מיט אַ שעמעדיקייט אויף זיין פּנים זאָגט ער צו דעם ראש־הגזלנים, דו ווייסט דאָך אַז איך האָב דיך נאָך איבער דער גאַנצער צייט וואָס איך בין אויף דעם שיף קיין איינמאָל נישט געשטערט, און אַז איך קום איצט איז דאָס ווייל שפּעטער איז צו שפּעט. מיין גרויסער הער — זאָגט ווייטער דער יהודי — אויב מיין עצה וואָס איך וויל דיר דאָ געבן וועט דיר נישט ברענגען אוצרות־געלט זאָלסטו מיך צעשנײַדן אויף שטיקער.

אוצרות־געלט? גיט אַ שפּרינג אונטער דער ראש־הגזלנים, וואָס האָט געוווּסט אַז דער יהודי וועט נישט סתם אויף אַ נאַרישקייט איינשטעלן זיין לעבן.

יאָ! יאָ! נאָך מער פון אוצרות — ענפערט דער יהודי און זאָגט ווייטער — לויט ווי איך האָב געהערט פון די געפאַנגענע געפינען מיר זיך איצט אין דער רייכער מדינת־אופיר.

— ריכטיק! ענטפערט אים דער ראש־הגזלנים.

— נאָר איידער איך וועל דיר זאָגן מיין עצה — זאָגט ווייטער דער יהודי — מוז איך דיר זאָגן אַ זאַך וואָס וועט אפשר אויסקוקן אין דיינע אויגן פאַר אַ געלעכטער, אָבער אַזוי איז עס. דאָס וואָס איר זעט מיך דאָ אַז איך בין משמת די חברה אויפן

שיף אפילו אין דעם טרויעריקסטן מצב, דאָס איז נישט אַזוי ווי איר טראַכט אַז איך בין עפּעס דאָרט סתם אַ לוסטיקער דלות. ניין! דאָס איז מיין דאָקטערישער פאַך אויפצולעבן דערקלאַפּטע מענטשן. איצט וועל איך דיר מגלה זיין אַ סוד וואָס איך האָב נאָך געהערט בסוד אין לודקיאַ, דאָס דער מלך פון מדינת־אופיר איז שטאַרק קראַנק, ער האָט די מרה־שחורה, און די רעגירונג פון מדינת־אופין האָט צוגעזאָגט אוצרות־געלט פאַר דעם וואָס ער וועט אים היילן. איצט מיין גרויסער הער, איך נעם זיך אונטער אים אויסצוהיילן און אים אַרויסשלעפּן פון זיין מרה־שחורה. און איך בין זיכער דעריך אַז דו וועסט ביי דעם עסק מער פאַרדינען ווי ביי צען שיפן געפאַנגענע, ווייל אַז די רעגירונג פון דער רייכער מדינה זאָגט צו „אוצרות" איז דאָס אוצרות־גאָלד. אַ חוץ וואָס איר וועט דאַדורך באַקומען אַ צוטריט צום מלך, און איר וועט האָבן אַ וואָרט ביי דעם קע־ניגלעכן קאַבינעט.

ווי דער ראש־הגזלנים הערט דעם יהודי׳ס ווערטער טראַכט ער אַ ביסל אַריין און נאָכדעם גיט ער אַ פרעג, און וויפל צייט דאַרף דאָס ביי דיר נעמען ביז עס וועט זיך אָנזען אַז דעם מלך איז בעסער געוואָרן און מ׳וועט אונז באַצאָלן דערפאַר?

— איך האָף אַז ביז צוויי וואָכן איז דאָס ערלעדיקט — האָט דער יהודי געענטפערט.

דער ראש־הגזלנים רופט צענויף עטלעכע גזלנים און שמועסט מיט זיי אַ קורצע צייט, נאָכדעם זאָגט ער צו דעם יהודי, דו וועסט צאָלן מיטן לעבן וועגן דעם וואָס דו ווילסט פון אונז שפּעטן, קיינער האָט דאָך נישט געהערט פון די אוצרות וואָס דו זאָגסט אַז די רעגירונג האָט צוגעזאָגט.

— געוויס, ענטפערט דער יהודי — געוויס וועט מען נישט אויספּויקן אין די גאַסן אַז דער מלך איז אין אַ מרה־שחורה,

דאָס איז דאָך איינס פון די קעניגלעכע סודות, נאָר צו מיר אַלץ באַוווּסטער דאָקטאָר פון דעם פאַך האָט זיך די רעגירונג געווענדעט בסודי־סודות דורך דעם סוריאַנישן קייזער קיין לודקיאַ. אויב איר גלייבט מיר נישט גייט צו צו דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ און אינטערעסירט אייך.

דער ראש־הגזלנים האָט ווידער עפּעס גערעדט מיט די עלטערע גזלנים, און נאָכדעם האָט ער געגעבן אַ זאָג צום יהודי: מיר ווען זיך אינטערעסירן, אָבער אַז דו האָסט אונז אָפּגענאַרט ווּעסטו דערפאַר מיטן לעבן באַצאָלן.

— געוויס — האָט דער יהודי ווידער געענטפערט, ווי איינער וואָס איז זיכער אין זיינע ווערטער — נאָר אָבער איר זאָלט זאָגן דאָס איר האָט אַ דאָקטאָר וואָס קאָן אויסהיילן דעם מלך, ווייל אָן דעם וועט מען אייך נישט אויסזאָגן דעם קעניגלעכן סוד.

כאָטש די רעגירונג האָט קיינמאָל גאָרנישט צוגעזאָגט וועגן דער זאַך, ווייל קיינעם איז נישט אויפן געדאַנק געקומען אַז מ׳קאָן די טרויריקייט פונעם מלך פאַרטרייבן, האָבן געזאָגט די רעגירונגס־לייט וואָס מ׳האָט זיי דערציילט אַז עס איז פאַראַן אַ דאָקטער וועלכער וועט דעם קעניג ביז צוויי וואָכן אויפפרישן און וועט פון אים פאַריאָגן זיין טרויער, אַז ער וועט באַקומען גאָר אַ גרויסן סכום געלט און גאָלד, ער זאָל באַווייזן דאָס וווּנדער אַז דער מלך איז צו זיך געקומען.

ווי די שליחים זענען צוריק געקומען, האָט מען זיך גענומען אָפּוואַשן דעם יהודי און אים אָנגעטאָן נייע מלבושים, די גזלנים האָבן אים אָנגעזאָגט אַז אויב מ׳וועט אים פרעגן ווער ער איז, זאָל ער זאָגן אַז ער שטאַמט אַהער פון דורי־דורות עבדים ביז צו זיין ערשטן זיידן כנען, און די סוחרים פון דער שיף האָבן אים אָפּגעקויפט. אויב ער וועט איין וואָרט אַנדערש זאָגן איז

ער אַ פאַרלוירענער מענטש. מיר האָבן אונזערע מענטשן אויך אין קעניגלעכן הויז — האָבן אים געוואָרנט די גזלנים — דע־ריבער זאָלסטו דיר היטן די צונג.

ט.

דעם צווייטן טאָג איז שוין דער לוסטיקער יהודי געשטאַנען אין צימער פונעם מלך, און פאַר אים איז געווען אַ מלך מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן, דער קאָפּ אַ ביסל אין אַ זייט און האָט כמעט נישט געהערט וואָס מ׳רעדט צו אים.

דער יהודי האָט געהייסן אַז אַלע זאָלן אַרויסגיין פון צימער, איצט האָט ער זיך גענומען זאָגן מיט אַ צעבראָכן האַרץ עטלע־כע קאַפּיטלעך תהילים, ער האָט געבעטן אין זכות פון די יהודים וועלכע געפינען זיך אויפן שיף זאָל אים השי״ת העלפן אַז ער זאָל מצליח זיין. דער מלך איז אַ גאַנצע צייט געשטאַנען מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און האָט גאָרנישט געזען אַז עס גע־פינט זיך דאָ עפּעס אַ מענטש, איצט איז צוגעגאַנגען דער יהודי צום מלך, און זאָגט אים אַריין אין אויער מיט אַ הויכער שטימע:

אדוני המלך, איך בין אַ שליח פון אייער קלוגער טאָכטער די בת־המלכה.

ווי ער האָט געזאָגט דאָס וואָרט בת־המלכה, האָט זיך דער מלך געגעבן אַ ריר דעם קאָפּ, דער יהודי האָט ווייטער געזאָגט „אַ גרוס פון דעם מלכ׳ס בת־המלכה״, איצט האָט ער געגעבן אַ שריי דאָס וואָרט בת־המלכה אַז דער מלך האָט געגעבן אַ ציטער און ער האָט געגעבן אַן עפן די אויגן.

ביז דריי טעג האָט שוין דער יהודי גוט גערעדט מיט דעם מלך, פיל בכיות האָט דער יהודי איבער דער צייט פאַרגאָסן ביי זיין קליין תהילים׳ל וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך, אָבער נאָך אַ וואָך איז שוין געווען דער מלך גאַנץ מונטער, דער

יהודי האָט דערציילט דעם מלך פאַרשידענע זאַכן פון זיין טאָכ־טער, ביז דער מלך איז איבערצייגט געוואָרן אַז דער יהודי האָט טאַקע געזען זיין טאָכטער און ער האָט מיט איר גערעדט נאָכ־דעם וואָס זי איז דערטרונקען געוואָרן.

ווען עס האָט זיך געענדיקט די צוויי וואָכן, זענען געקומען די חברה־לייט, די בעלי־בתים פון דעם דאָקטער וואָס האָט אויסגעהיילט דעם מלך, אָפּנעמען די אוצרות וואָס מ׳האָט צו־געזאָגט ווענן היילן דעם מלך. אויך האָבן זיי שוין געוואָלט צוריק נעמען דעם דאָקטער אַליין וואָס איז געווען זייער עבד מדור דור ביז צו כנען׳ס צייטן. מיט אַ שיינעם פריינטלעכן ברוך הבא האָט מען אַנטקעגנגען אין דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ די חשובע געסט, די בעלי־בתים פון דעם גרויסן דאָקטער וועלכער האָט באַוויזן אַזאַ וווּנדער צו היילן דעם מלך, אַ זאַך וואָס אַלע קעניגלעכע דאָקטוירים האָבן נישט געקאָנט באַווייזן. מ׳האָט געוואָלט מאַכן פאַר די גרויסע געסט אַ שיינע קעניגלעכע סעו־דה, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט, זיי האָבן געזאָגט דאָס עסן האָבן זיי גענוג ביי זיך אין שיף, דאָ ווילן זיי זען די אוצרות וואָס מ׳האָט צוגעזאָגט.

— דער גרעסטער כבוד וואָס מיר קאָנען אייך אָנטוען איז — האָט זיי געענטפערט דער וואָס איז געווען געזעצט איבער די קעניגלעכע אוצרות — דאָס וואָס מיר וועלן ערפילן אייער ווילן, דעריבער וועל איך טאַקע גלייך טוען וואָס איר באַפעלט, און קומט מיט מיר אין דער קעניגלעכער שאַץ־קאַמער דאָרט וועט איר אייך אַליין אויסקלויבן וואָס פאַראַ סאָרט גאָלד און ברי־ליאַנט־שטיינער איר אַליין וועט נאָר וועלן, ווייל דער קעניג איז אַזוי גליקלעך פון דעם וואָס ער איז געהיילט געוואָרן, אַז ער האָט געגעבן אַ באַפעל מ׳זאָל אייך געבן וואָס איר אַליין

וועט נאָר וועלן. מיט גרויס פרייד זענען די גזלנים נאָכגעגאַנגען נאָך דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר די אוצרות, קודם האָט ער זיי אַריינגעפירט אין אַ קליין שאַנק־קאַמערל וואָס איז געווען אונטער דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ. ווען זיי זענען שוין געווען אַלע אין דעם אוצר׳ל זאָגט צו זיי דער וואָס האָט זיי געפירט, אַזוי ווי דאָ איז גאַנץ פינצטער וועל איך גיין ברענגען אַ לאַמפּ צו באַלייכטן, כדי איר זאָלט פונקטלעך זען וואָס פאַראַ סאָרט גאָלד און אבנים־טובות צו קלייבן. מיט אַ שנעלקייט לויפט ער אַרויס פון דעם האַלב־פינצטערן קעלער, און ווען ער איז שוין געווען אין דער צווייטער זייט פון די אייזערנע טירן, גיט ער מיט אַ געשיקטקייט אַ האַק צו די טירן און די חשובע בעלי־בתים פון דעם קעניגלעכן דאָקטער זענען אַלע געבליבן פאַר־שלאָסן אין דעם פינצטערן קעלער.

אין דערזעלבער צייט האָבן עטלעכע גרויסע קעניגלעכע קריגס־שיפן אַרומגענומען די אַלטע קריגס־שיף פון די גזלנים, וואָס איז געשטאַנען נעבן דעם וואַלד וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דער קעניגלעכער שטאָט. ווען די קעניגלעכע שיפן זענען שוין געווען גאַנץ נאָענט צו דער אַלטער קריגס־שיף האָבן זיי אַלע געגעבן אויף איינמאָל אַ הויכן פייף וואָס האָט זיך געהערט גאָר ווייט. גלייך נאָך דעם פייף זענען אַרויס־געקומען פון דעם וואַלד ווו דאָס אַלטע קריגס־שיף איז געשטאַ־נען, אַ פאָר הונדערט אָנגעפּאַנצערטע זעלנער, די זעלנער זענען אַרויפגעשפּרונגען אויפן קריגס־שיף פון די גזלנים און זיי האָבן אויסגערופן מיט אַ הויכן קול, אייערע אָנפירער ליגן שוין אין דער קעניגלעכער תפיסה. אויב אייער לעבן איז טייער אין אייערע אויגן זאָלט איר אַלע גלייך אויפהייבן די הענט אין דער לופטן, דער וואָס הייבט נישט אויף די הענט ווערט גלייך אַראָפּגעשאָסן, און אויב דער גרעסערער חלק פון אייך

הייבט נישט אויף די הענט ווערט די שיף צוזאַמען מיט אייך אַלע געטרונקען. אַז די ווילדע גזלנים האָבן געזען אין וואָס פאַראַ מצב זיי געפינען זיך דאָ האָבן זיי געקריצט מיט די ציין פון גרויס כעס, אָבער אַלע אָן אַן אויסנאַם האָבן געהויבן די הענט אין דער לופטן. די קעניגלעכע זעלנער האָבן אויף זייערע הענט אַרויפגעלייגט אייזערנע קייטן, און אַזוי נאָך זענען אַלע גזלנים געפאַנגען געוואָרן אָנדעם וואָס מ׳האָט אפילו איין שאָס נישט געגעבן. ווען די קעניגלעכע זעלנער האָבן שוין געהאַט דורכגעזוכט יעדעס ווינקל פונעם שיף און געשלאָסן אין קייטן דעם לעצטן באַהאַלטענעם גזלן, האָבן די זעלנער אויסגעצויגן אַ דיקן שטריק פונעם שיף פון די גזלנים צו זייער אַ שיף, און לאַנגזאַם האָט מען דאָס שיף צוגעשלעפט צום גרויסן פאָרט פון דער הויפטשטאָט.

אַ גרויסער פחד איז פלוצים געפאַלן אויף אַלע זעלנער. פון מויל צו אויער איז אַריבער אַ שמועה אַז דער מלך אַליין וועט באַלד קומען באַזוכן דאָס שיף. די זעלנער האָבן נאָכאַמאָל אַדורכגעזוכט יעדעס ווינקעלע אפשר ליגט ערגעץ באַהאַלטן אַ גזלן, אָבער נאָך אײדער זיי האָבן צייט געהאַט אַדורכצוזוכן דאָס שיף האָט זיך שוין אָנגעזען פון דער ווייטנס דער קעניגלעכער רייטוואָגן. אויפן שיף וואָס ערשט פריער האָט זיך געטאָן אַ גרויס געטומל און גערויש, איז איצט געלעגן אַ שטילקייט אַז מ׳האָט געקאָנט הערן דעם אָטעם וואָס יעדער איינער האָט אין זיך אַריינגעצויגן. הונדערטער זעלנער האָבן געהיט אַרום דעם שטיקל וועג וואָס דער מלך האָט געדאַרפט צוצוגיין פון דעם פאָרט ביז צום שיף. דאָס איז געווען דאָס ערשטע אַרויסגיין פונעם מלך פון זיין פאַלאַץ זייט אַפאַר יאָר, פון ווען עס איז געקומען די ידיעה אַז זיין טאָכטער איז דערטרונקען געוואָרן אין דעם ריזן אינזל. אַ בלייכער און אַן אָפגעשוואַכטער איז דער

מלך אַרויס פון דעם רייט־וואָגן לעבן אים איז געגאַנגען דער יהודי פון לודקיאַ און האָט אים געהאַלטן אונטער זיין אָרעם און אים געהאָלפן גייך.

די געפאַנגענע וועלכע זענען געווען אין דעם אונטערשטן טייל פון דעם שיף האָבן גאָרנישט געוווּסט וואָס אויבן אויפן דעק איז פאָרגעקומען. אַז זיי האָבן דערזען דאָס מ׳האָט פלוצים געעפנט די טירן און מ׳האָט געהייסן אַלע אַרויפגיין אויפן דעק פונעם שיף האָט אין זיי אָנגעהויבן צו קלאַפּן דאָס האַרץ. זיי זע־נען געווען זיכער אַז מ׳איז שוין אָנגעקומען צו די מענטשן־פרעסערס. און מ׳גייט זיי דאָ איבערגעבן אין זייערע הענט. עס האָט זיך גענומען אַ געוויינעריי און קלאָגעריי וואָס האָט זיך געהערט עד לב השמים.

אָבער עס איז נישט אַריבער אָ לאַנגע צייט האָבן זיי שוין געזען אַז זיי האָבן אַ טעות געהאַט. עס איז נישט בנמצא אויף דער וועלט די האַנט וואָס זאָל באַשרייבן די פרייד וואָס עס איז פלוצים געוואָרן צווישן די געפאַנגענע וואָס זענען געווען זיכער אַז דער טויט וואַרט זיי אויפן דעק, ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט וואָס דאָ גייט פאָר, איבערהויפּט איז געווען גרויס די פרייד ביי די יהודים פון עכו, ווען זיי האָבן דערזען דעם געטרייעם יהודי וואָס האָט זיי אַזויפיל טובות געטוען אונטערוועגס, שטייט איצט לעבן דעם מלך אָנגעטאָן אין בגדי־מלכות, און לויט ווי די זעל־נער זאָגן איז די גאַנצע ישועה געקומען דורך אים. אוי ווי גערעכט איז ער געווען מיט דעם וואָס ער האָט אונז געזאָגט אַז מיר ברויכן אַ גאַנצע צייט פריילעך זיין ווייל השי״ת וועט אונז געוויס העלפן, איצט זעען מיר קלאָר אַז דער וואָס האָט באמת בטחון אין השי״ת העלפט ער אים טאַקע שלא כדרך־הטבע — האָבן געזאָגט די יהודים פון עכו.

די עשירים פון לודקיאַ וואָס מ׳האָט זיי אין מיטן וועג גע־

כאַפּט האָבן איבער דער גאַנצער צייט נישט געזען דעם יהודי, ווייל זייט מ׳האָט זיי געכאַפּט און אַרויפגעבראַכט אויפן שיף פון די גזלנים איז דער יהודי מער נישט אַראָפּ אינעם אונ־טערשטן טייל פונעם שיף, כדי זיי זאָלן נישט פאַרשעמט ווערן ווען זיי וועלן אים דערזען. די יהודים פון עכו האָבן אפילו דערציילט פאַר זייערע גוטע פריינט די עשירים פון לודקיאַ אַז עס געפינט זיך אויפן דעק פונעם שיף עפּעס אַ יהודי גאָר אַ גרויסער בעל־טובה, וועלכער האָט זיי שוין פיל טובות געטוען, אָבער די עשירים פון לודקיאַ איז נישט אויף די געדאַנקען גע־קומען אַז דאָס איז טאַקע דער יהודי וואָס זיי האָבן אויף אים געבראַכט דאָס שרעקלעכע אומגליק. איצט ווען אַלע געפאַנגע־נע זענען אַרויף אויפן דעק פונעם שיף און די עשירים פון לודקיאַ צווישן זיי. האָבן פלוצים דערזען די עשירים דעם יהודי וואָס זיי האָבן איבערגעגעבן אין די הענט פון די גזלנים שטיין לעבן מלך אָנגעטוען אין בגדי־מלכות און רעדט מיט דעם מלך ווי מיט אַן אַלטן גוטן פריינט. ווי די עשירים האָבן דאָס געזען איז זיי שוואַרץ געוואָרן פאַר זייערע אויגן. עס האָט זיי אָנגע־הויבן צו ציטערן הענט און פוס, איינער האָט געזאָגט דעם צווייטן מיט אַ ציטערדיק קול, אָט איצט וועט ער זיך שוין בײ־טער נוקם זיין אין אונז. אַ צווייטער עושר האָט געזאָגט אַז ער וועט זיך גאָרנישט דאַרפן נוקם זיין, ער וועט נאָר הייסן אַז מ׳זאָל אונז צושטעלן צו די געבונדענע גזלנים, און אונז הענגען צוזאַמען מיט זיי, אַזוי ווי דאָס געזעץ איז, דאָס די אַלע וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט גזלנים באַקומען אַ גלייכן שטראָף מיט די גזלנים. ביז זיי רעדן צווישן זיך מיט אַזאַ פחד האָט זיי דערזען דער יהודי, ער זאָגט עפּעס צום מלך און נעמט זיך גיין מיט שנעלע טריט צו די עשירים. ווי זיי האָבן דערזען אַז ער קומט צו זיי איז זיי די נשמה שיעור אַרויסגעפלויגן. ווי־

דער האָט זיך זיי געשטעלט דער טויט פאַר זייערע אויגן. אָבער ווי דער יהודי איז צוגעקומען צו זיי איז ער זיי געפאַלן אויפן האַלדז און האָט זיי מיט גרויס ליבשאַפט געהאַלדזט און גע־קושט, מיט אַ ליבלעכן קול האָט ער זיי געזאָגט, מיינע ברודער! איך פיל אייער האַרץ, אָבער פאַר מיר ברויכט איר אייך גאָר־נישט צו שרעקן, און פאַר השי״ת האָט איר דאָך שוין געוויס תשובה געטאָן, ווען איר האָט אָפן געזען וויאַזוי ער פירט זיין וועלט מיט אַ חשבון און אַז גאָרנישט איז נישט הפקר.

איצט האָט דער יהודי גענומען די עשירים ביי זייערע אָרעם און האָט זיי צוגעפירט צום מלך, דאָרט האָט ער זיי פאָרגעשטעלט פאַר דעם מלך, ער האָט געזאָגט צום מלך אַז דאָס זענען זיינע אַלטע באַקאַנטע פון זיין שטעטל לודקיא. דער מלך האָט זיי געגעבן די האַנט און האָט מיט זיי גאָר פריינטלעך גערעדט. ער האָט זיי געפרעגט צי זיי האָבן עפּעס שאָדן גע־האַט דורך די רויבערס, האָבן זיי אים דערציילט אַז זיי האָבן פאַרלוירן זייער גאַנץ פאַרמעגן צוליב די גזלנים, ווייל זייער פאַרמעגן איז געבליבן אויף דעם סוחרישן שיף וואָס זיי זענען געפאָרן אויף איר ביז די גזלנים האָבן מלחמה געפירט מיט איר. אַלע געפאַנגענע האָבן געקוקט אויף דעם גרויסן כבוד וואָס די עשירים האָבן, אַז דער מלך רעדט מיט זיי און דערצו נאָך אַזוי פריינטלעך, נאָר די עשירים אַליין האָבן נישט קיין הנאָה געהאַט דערפון, עס האָט זיי געקלעמט ביים האַרץ זעענדיק דאָס אידלקייט פון דעם יהודי וואָס נישט נאָר וואָס ער איז זיך נישט נוקם אין זיי, נאָר ער צאָלט זיי גאָר גוטעס וועגן דעם שלעכטן וואָס זיי האָבן אים געטוען. די עשירים האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, און אין מיטן רעדן מיט דעם מלך האָבן זיי זיך געגעבן אַ וואָרף צו די פיס פון דעם יהודי און מיט אַ גרויס געוויין געבעטן ביי אים אַז ער זאָל זיי מוחל זיין וועגן

די שענדלעכע מעשים וואָס זיי האָבן געטוען קעגן אים. אַז די יהודים פון עכו האָבן געזען וואָס די עשירים פון לודקיאַ טוען דאָ, און זיי האָבן געהערט זייער געבעט צו דעם יהודי האָבן זיי פאַרשטאַנען אַז דער יהודי וואָס האָט זיי אַזויפיל טובות געטוען אויפן שיף און וואָס זיי האָבן זיך פאַר אים אַזוי אויסגעגאָסן דאָס האַרץ, איז טאַקע דער יהודי וואָס זיי האָבן צוגעהאָלפן אים איבערצוגעבן אין די הענט פון די גזלנים. ווי זיי האָבן זיך דאָס דערוווסט זענען זיי אויך געפאַלן צו דעם יהודי׳ס פוס און האָבן מיט ביטערע טרערן אין זייערע אויגן געבעטן אַז ער זאָל זיי אויך מוחל זיין.

— איך האָב אייך דאָך גלייך געזאָגט דאָס איך בין אייך מוחל — האָט זיי דער יהודי געענטפערט. ערשט ווען דער יהודי האָט זיך גאָר שטאַרק איינגעבעטן ביי זיי זענען זיי אויפגעשטאַנען. דער מלך האָט זיך שטאַרק פאַרווונדערט אויף דער סצענע וואָס איז דאָ פאַרגעקומען, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען אַז אויב ער וועט פרעגן וועט אים ברויכן דער יהודי געבן צו פאַרשטיין די זאַך, און דאָס וועט פאַרשעמען די יהודים וואָס זענען אים געפאַלן צו די פוס, דעריבער האָט ער גאָרנישט געפרעגט.

אײדער דער מלך איז צוריקגעפאָרן אין דעם קעניגלעכן פאַלאַץ האָט דער יהודי געגעבן אַ באַפעל אַז די יהודים פון לודקיאַ און די יהודים פון עכו זאָל מען ברענגען אין דעם קעניגלעכן הויז אַריין. ווען די יהודים זענען געקומען אין דעם מלכ׳ס פאַלאַץ האָבן זיי זיך געווונדערט אויף דעם גרויסן כבוד וואָס מ׳גיט זיי דאָ, אָבער ווען זיי האָבן געזען דאָס גרויסקייט פון דעם יהודי אין דעם קעניגלעכן הויז איז זיי שוין נישט געווען קיין ווונדער אַז זיינע געסט זענען אַזוי שטאַרק מכובד. דעם צווייטן טאָג האָט דער יהודי געזאָגט פאַר די יהודים פון

עכו און פון לודקיא, אַז אַזוי ווי זייערע משפחות זאָרגן געוויס וועגן זיי איז נישט קיין יושר אַז זיי זאָלן זיך נאָך דאָ אויפֿהאַלטן, דעריבער זאָלן זיי גלייך אַ היים פאָרן. ער האָט יעדן איינעם געגעבן אַ שיין שטיק גאָלד פון דעם טייערן אופיר׳ער גאָלד, וואָס האָט באַטראָפן פיל מער פון זייער פאַרמעגן וואָס זיי האָבן פאַרלוירן אויפֿן שיף, און ער האָט זיך געזעגנט מיט זיי. ביים געזעגענען האָט ער זיי אָנגעבעטן אַז זיי זאָלן גלייך אַהיים פאָרן און נישט זוכן מסחרים אונטערוועגס. אויך האָט ער געבעטן די יהודים פון לודקיאַ אַז זיי זאָלן פון אים איבערגעבן אַ לעבנס־צייכן און אַ וואַרעמען האַרציקן גרוס פאַר דעם חשובן אַלטן רב וואָס זיין ליבשאַפט איז ביי אים איינגעקריצט אין האַרץ אַזוי ווי די ליבשאַפט פון אַ זון צו זיין פאָטער. אויך האָט ער זיי געבעטן אַז זיי זאָלן זאָגן פאַר דער יהודית וואָס געפינט זיך ביים רב און זי וויינט געוויס נאָך אים, אַז ער געפינט זיך אין מדינת־אופיר ביי דעם מלך אין שטוב, און ער האָפט דאָס אין קורצן וועט ער זי אָפפירן צו אירע עלטערן. צו די יהודים פון עכו האָט דער יהודי אָנגעזאָגט ביים געזעגענען, דאָס זיי זאָלן איבערגעבן אַ גרוס אין זיין נאָמען צו דעם גרויסן און הייליקן רבי יצחק דמן עכו, און אים זאָגן אַז ער האָפט אַז השי״ת וועט אים העלפן אַז ער וועט זיך נאָך קאָנען וואַרעמען אין זיין שאָטן און לערנען ביי אים די פאַרבאָרגענע סודות פון דער הייליקער תורה. איצט האָט זיך דער יהודי געזעגנט מיט זיי, און זיי זענען טאַקע גלייך צוריקגעפאָרן, די יהודים פון עכו, קיין עכו, און די עשירים פון לודקיאַ, קיין לודקיאַ.

צווערשט איז די שיף אָנגעקומען קיין עכו, ווייל עכו איז נענטער צו מדינת־אופיר, די שמחה אין עכו איז געווען גאָר גרויס ווען מ׳האָט פלוצים דערזען די יהודים וואָס זענען שוין אַ לענגערע צייט פאַרשוווּנדן געוואָרן, און יעדער איז געווען

זיכער אַז זיי ליגן שוין אויף די בראַט־שפּיז פון די מענטשן־פרעסער. ווי די יהודים זענען אַ היים געקומען זענען זיי גלייך צוגעגאַנגען צו דעם הייליקן רבי יצחק דמן עכו, און זיך מיט אים פאַרשלאָסן אין אַן עקסטער צימער, דאָרט האָבן זיי זיך שטאַרק אויסגעוויינט. זיי האָבן אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע וואָס איז מיט זיי פאָרגעקומען, און זיי האָבן געבעטן אַז ער זאָל זיי אַרויסגעבן אַ תשובה וועגן זייער חטא וואָס זיי האָבן צוגעהאָלפן צו דעם איבערגעבן דעם יהודי צו גזלנים. רבי יצחק האָט זיך שטאַרק געפרייט צו דעם גרוס פון דעם יהודי, עקסטער האָט אים געפרייט ווען ער האָט געהערט ווי ווייט די הייליקע תורה האָט אויסגעאיידלט דעם יהודי.

עטלעכע טעג שפּעטער איז די שיף אָנגעקומען קיין לודקיאַ. פּונקט מיט אַ וואָך צוריק איז רבי שלומיאל מיטן געבראַכענעם פוס אַ היים געקומען, און ער האָט דערציילט וואָס עס האָט מיט אים און מיט די איבעריקע יהודים פּאַסירט אויפן וועג, און אַז די עשירים וואָס זענען מיט אים געפאָרן זענען אָדער דערטרונקען געוואָרן אָדער די גזלנים האָבן זיי געכאַפּט און אַוועקגעפירט צו די מענטשן־פרעסערס. דעריבער אַז די עשירים זענען איצט צוריק געקומען האָבן זיך זייערע משפחות גאָר געפרייט מיט זיי. די עשירים זענען געווען גאָר אָפּגעשוואַכט פון די שרעקלעכע שלעק וואָס זיי האָבן געכאַפּט ביי די גזלנים, און זיי זענען חדשים דערנאָך וואָס זיי זענען אַ היים געקומען געלעגן אין בעט, אָבער די שמחה ביי די משפחות איז אַלץ געווען גרויס אַז זיי זענען געבליבן מיטן לעבן. אויך אין שטעטל איז געוואָרן אַ גרויסע שמחה ווען מ׳האָט זיך דערוווסט פון די אַהיים געקומענע די בשורה־טובה אַז דער חשובער באַליבטער יהודי לעבט. גאָר געהויבן איז די שמחה געווען ביים אַלטן רב אין שטוב. שבת האָט דער רב געגעבן קידוש אין שול לכבוד

דער גוטער בשורה, און די אַלטע לייט פון לודקיאַ האָבן גע־
זאָגט אַז זיי געדענקען נאָך נישט אַזוי אויפגעלעבט און פריי־
לעך דעם רב, ווי זיי האָבן אים געזען די טעג זייט ער האָט
זיך דערוווּסט פון דער בשורה אַז דער יהודי לעבט.

י.

אַ ידישע שמחה קאָן דאָך היינטיקע צייטן, — זייט דאָס
הייליקע בית־המקדש איז חרוב געוואָרן — נישט זיין גאַנץ.
איז טאַקע די שמחה ביים רב אויך נישט געווען בשלימות, ווייל
דעם רב האָט שטאַרק געערגערט אַז דאָס ערלעכע מיידל, די
„יהודית", וואָס האָט אַזויפיל געוויינט און געקלאָגט נאָך דעם
יהודי, האָט איצט ביים סוף נישט די זכיה געוויר צו ווערן פון
דער בשורה אַז דער יהודי לעבט. דער רב האָט זיך געפילט
אַ ביסל שולדיק דערין וואָס זי איז היינט נישט דאָ. ער האָט
זיך געטראַכט אַז ווען ער וואָלט בעסער אַכטינג געגעבן אויף
איר וואָלט זי נישט פאַרשוווּנדן געוואָרן. דער אמת איז אָבער
געווען אַז דער רב האָט נאָך מער געטוען פון וויפל ער האָט
געקאָנט, ווייל איבער די גאַנצע צייט וואָס זי האָט אַזוי שרעק־
לעך געוויינט, האָט זיך נעבעך אַלץ געשטאַרקט דער אַלטער
רב, און האָט נישט אַרויסגעוויזן אַזוי שטאַרק זיין ווייטאָק וואָס
ער האָט געהאַט פון דעם יהודי'ס פאַרשוווּנדן ווערן, און ער
האָט זי געפּרוּווט צו טרייסטן, אָבער דאָס מיידל האָט זיך נישט
געלאָזט באַרויקן, נאָר זי האָט געוויינט טאָג און נאַכט. מיט
עטלעכע וואָכן צוריק האָט זי זיך אָנגעטאָן גאָר אַלטע קליידער
און זי האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַן אַלטע צוזאַמענגעבראָכענע
יידענע, זי איז אַזוי שטאַרק פאַרשטעלט געווען אַז קיינער אין
שטעטל האָט זי נישט דערקאָנט. זי האָט זיך אָוועקגעזעצט ביים
פאָרט און האָט געוויינט און אַלץ געזאָגט ווי צו זיך אַליין

הלוואי זאָלן מיך אָוועק טראָגן די גזלנים צו די ריזן, זאָל איך כאָטש געהרגעט ווערן אויף דעם זעלבן אָרט ווי דער אידעלער יהודי איז אַרויפגעצויגן געוואָרן אויפן בראָט־שפּיז. זי האָט אַזוי לאַנג מתפּלל געווען ביז איר תפילה איז טאַקע אָנגענומען גע־וואָרן. אין אַ טאָג האָבן די גזלנים באַמערקט ווי אַן אַלטע יידע־נע דרייט זיך אַרום ביים פּאָרט, און קיינער זעט נישט, האָבן זיי זי געגעבן אַכאַפּ, און אַרויפגעטראָגן אויפן שיף דאָ האָבן זיי זי אַריינגעוואָרפן אינעם אונטערשטן טייל פונעם שיף צווישן די אַנדערע געפאַנגענע, קיינער האָט זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויף דער אַלטיטשקער זי איז זיך געלעגן אין אַ ווינקל און געוויינט, אַזוי ווי אַלע אַנדערע געפאַנגענע האָבן געטוען. צווישן די געפאַנגענע האָבן זיך אויך געפינען עטלעכע יהודים.

נאָך אַ לאַנגער צייט אַרום איז אָנגעקומען צו דעם גרויסן דרייעקיגן ריזן־אינדזל איין אַלטע שיף פון די ים־גזלנים מיט אַ פּאָר הונדערט געפאַנגענע מענטשן פון אַלע עקן וועלט. ווי דאָס שיף איז נאָר אָנגעקומען צום פּאָרט זענען גלייך אויף איר אַרויפשפּרונגען עטלעכע שליחים פון דעם קעניגלעכן הויז. ווייל אַזאַ געזעץ איז געווען ביי די ריזן, אַז אויף יעדן שיף מיט געפאַנגענע וואָס קומט אָן צום אינדזל גייען צוערשט אַרויף עטלעכע שליחים פון זייער גרויסן מלך און זיי קלויבן אויס פאַר אים די שענסטע און פעטסטע געפאַנגענע, און דאַן לאָזט מען ערשט אַרויף די אַנדערע ריזן אויפן שיף. אַזוי איז איצט אויך געווען, עס זענען אַרויף עטלעכע ריזן פון קעניגלעכן הויף אויף דעם שיף און האָבן אויסגעקליבן ביי אַ צוואַנציק מענטשן, און דאַן זענען אַרויף אַנדערע ריזן אויף דעם שיף.

די צוואַנציק געפאַנגענע וואָס די ריזן האָבן אויסגעקליבן האָט

מען אַריינגעפירט אין גרויסע שטאַלן, דאָרט האָט מען זיי געהאַלטן עטלעכע טעג ביז זיי האָבן צוריק באַקומען זייערע געווינטלעכע פאַרבן אין פּנים, ווייל פון דער ווייטער נסיעה און פון דער פּלאָג וואָס די גזלנים האָבן זיך אַזוי געשלידערט מיט די געפאַנגענע פלעגן זיי גאָר שלעכט אויסזען ווען זיי זענען אָנגעקומען צו דעם ריזן־אינדזל. דעריבער איז געווען איינגעפירט אַז די מענטשן וואָס מ׳האָט אויסגעקליבן פאַר דעם מלך האָט מען קודם געלאָזט אויסרוען עטלעכע טעג אין די קעניגלעכע שטאַלן, און ערשט ווען זיי זענען אַ ביסל צו זיך געקומען האָט מען זיי געפירט צום מלך אַליין ער זאָל זיי באַטראַכטן.

אַז מ׳האָט איצט געבראַכט פאַר דעם מלך בני־ענק די נייע צוואַנציק געפאַנגענע האָט ער אויסגעקליבן פינף פון זיי, און ער האָט געהייסן אַז מ׳זאָל זיי איינשפּאַרן אין די קרבנות־קאַמערן, און מ׳זאָל זיי דאָרט גוט געבן צו עסן אַז זיי זאָלן זיין פעטע קרבנות.

— איך בין זיכער — האָט דער מלך געזאָגט מיט גרויס הנאה צו זיינע דריי זון וואָס זענען געשטאַנען אַרום אים — אַז ווען דער לוויתן וועט באַקומען אין דעם גרויסן חאָגע פינף אַזעלכע קרבנות, וועט ער שוין נישט זיין בייז אויף דער וועלט. די אַנדערע פופצן געפאַנגענע — צווישן זיי אַן אַלטע פרוי — האָט ער געהייסן צוריקפירן אין די שטאַלן. ווען מ׳האָט שוין געוואָלט די געפאַנגענע אָוועקפירן פון פאַר דעם מלך, האָט פּלוצים דער מיטלסטער זון פונעם מלך געגעבן אַ געשריי מיט גרויס איבעראַשונג, אוי טאַטע!! די אַלטיטשקע זעט אויס פונקט ווי מיין כלה וואָס איז דערטרונקען געוואָרן. דער מלך מיט זיינע צוויי אַנדערע זון האָבן זי אָנגעקוקט, און זיי האָבן אויך באַשטעטיקט, עס איז ריכטיק, די אַלטיטשקע איז טאַקע ענלעך צו דער כלה די דערטרונקענע בת־המלכה.

— אויב אַזוי — גיט אָזאָג דער מלך — אויב זי איז יאָ אַזוי שטאַרק ענלעך צו דער בת־המלכה וואָס דער לוויתן האָט צו־געכאַפּט ביי דעם בייזן חאָגע מיט עטלעכע יאָר צוריק, זאָל מען אים איצט אויך געבן אַ קרבן וואָס איז ענלעך צו יענעם קרבן. דער מלך האָט גלייך געגעבן אַ באַפעל אַז די אַלטיטשקע זאָל מען אויך צושטעלן צו די פינף קרבנות וואָס ער האָט געהאַט אויסגעקליבן אויף דעם גרויסן חאָגע. ווען דער מלך מיט זיינע בנים וואָלטן געווען נישט געזען מיט זייערע אויגן ווי די בת־המלכה איז דערטרונקען געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק, וואָלטן זיי געוויס חוקר געווען די אַלטיטשקע וואָס איז איצט געקומען פון דעם שטעטל לודקיאַ, און זיי וואָלטן זיך זי־כער דערוווסט אַז די אַלטיטשקע איז גאָרנישט אַזוי אַלט ווי זי גייט געקליידעט, נאָר דאָס איז גאַנץ אַ יינג קינד, און עס קאָן נאָך זיין אַז זיי וואָלטן אפילו דערויף געקומען אַז נישט נאָר זי איז שטאַרק ענלעך צו דער בת־המלכה, נאָר זי איז טאַקע די בת־המלכה אַליין. אָבער אַוי ווי זיי האָבן דאָך מיט זייערע אויגן געזען ווי די בת־המלכה איז דערטרונקען געוואָרן האָט נישט געקאָנט אויף זייערע געדאַנקען קומען אַזעלכע מחשבות.

ווי דער מלך האָט געענדיקט צו באַטראַכטן די צוואַנציק געפאַנגענע, האָט מען זיי צוריק געפירט. די פערצן וואָס דער מלך האָט נישט אויסגעקליבן אויף קרבנות האָט מען צוריק געפירט אין די שטאַלן אַריין, און די פינף מיט דער אַלטיטשקער האָט מען געפירט גאָר אין אַ שיינער קאַמער, דאָרט זענען שוין געווען פון פריער עטלעכע מענטשן וואָס זענען געווען אויסגעקליבן אויף קרבנות. דאָס ערשטע וואָס די אַלטיטשקע האָט געטון ווען מ'האָט זיי פאַרשלאָסן אין דער קאַמער איז געווען צו פרעגן ביי די געפאַנגענע וואָס זענען פון פריער דאָרט געווען אויב אויף די שיפן וואָס זיי זענען געקומען האָט זיך

נישט געפונען עפּעס אַ לוסטיקער יהודי וואָס פלעגט שטענדיק גייך מיט די תפילין אויפן קאָפּ, און נאָך פיל אַנדערע סימנים האָט זי זיי געזאָגט וויאַזוי דער יהודי האָט אויסגעזען. אָבער קיינער פון די געפאַנגענע האָט נישט געזען אַזאַ סאָרט יהודי וואָס די אַלטיטשקע האָט אויסגעמאָלן. פיל מאָל האָט מען די מענטשן פון די קאַמערן „די קרבנות", אַרויסגעלאָזט אויף דעם גרויסן הויף צו שעפּן פרישע לופט, פלעגן זיי צוצוגיין צו די קליינע פענסטערלעך פון די שטאַלן ווו עס האָבן זיך געפונען די סתם געפאַנגענע און רעדן מיט זיי. די אַלטיטשקע האָט אַלץ אויסגעקוקט אויף די מינוט דאָס מ'זאָל זיי אַרויסלאָזן, און גלייך ווי זי האָט זיך דערזען אין הויף פלעגט זי צוצולויפן צו די פענסטערלעך זוכן אפשר וועט זי זען דאָרט דעם יהודי. נאָך פיל אינטערעסירן און נאָך פאָרשן איז זי דערויף געקומען אַז דער יהודי געפינט זיך נישט און איז קיינמאָל נישט געווען אין דעם ריזן-אינזל.

איצט האָט איר אָנגעהויבן שטאַרק באַנג צו טוען וועגן וואָס זי האָט אויף זיך געבראַכט דאָס אומגליק זי זאָל אַהער פאַרכאַפּט ווערן. נאָך מער האָבן איר געפייניקט אירע געדאַנ-קען, זי האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן אַז עס קאָן גאָר זיין אַז דער יהודי איז גאָרנישט פאַרכאַפּט געוואָרן צו די מענטשן-פרעסער, און ער וועט נאָך גאָר צוריקקומען קיין לודקיאַ איר זוכן. אויך האָט זי געטראַכט אפשר זוכט איר נאָך אַרום דער אַלטער רב, ביי וועלכן זי האָט זיך אויפגעהאַלטן. זי האָט שוין געהאַט גרויסע חרטות אויף איר איבעראיילטער מעשה וואָס זי האָט געטוען מיט דעם וואָס זי האָט איבערגעלאָזט דעם לודקיאַ'ער רב'ס שטוב. אָבער זי האָט זיך נעבעך גאָרנישט נישט געקאָנט העלפן. איצט איז שוין געווען צו שפּעט.

יא.

חכמת־ישראל. דער ייִנגער יהודי פון לודקיאַ וואָס האָט געהיילט דעם מלך פון זיין מרה־שחורה האָט זיך אַרויסגעוויזן נישט נאָר אַלץ היילער פון מלך אַליין, נאָר אויך ווי איינער וואָס פאַרשטייט וויאַזוי צו היילן דאָס לאַנד. אַזוי ווי דער מלך איז געזונט געוואָרן, און ער האָט זיך אומגעקוקט איבערן לאַנד, האָט ער געזען ווי די מדינה איז צוגרונט געוואָרן איבער דער צייט וואָס ער האָט נישט געקאָנט פירן די מלוכה, אויך האָט זיך אים אַרויסגעצייגט דאָס פאַלשקייט און אומאָרנטלעכקייט פון אַלע זיינע מיניסטאָרן, וואָס צוליב איגענע אינטערעסן, צו מערן געלט מיט כבוד, האָבן זיי געלאָזט דאָס לאַנד כמעט חרוב ווערן. דעריבער .האָט ער איבערגענומען די גאַנצע הערשאַפט פונעם לאַנד אין זיינע הענט. אָבער אַזוי ווי ער איז נאָך געווען צו שוואַך אין אַלעם זיך אַליין צו מישן, האָט אים דער קלוגער יהודי צו געהאָלפן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט האָט זיך אַרויסגעוויזן אויף פאַרשידענע אופנים די טיפע חכמה פון דעם יהודי און זיין איבערגעבנקייט צום מלך און לאַנד .מיט דער צייט איז אַ גרויסער חלק פון דעם פירן די מלוכה אַריבער אין זיינע הענט. אַזוי דאָס ער האָט שוין נישט געקאָנט אַליין דער־שטרייטן די פילע אַרבעט וואָס איז אויף אים געלעגן, דערי־בער האָט ער זיך אויסגעקליבן עטלעכע קלוגע פעאיקע און געטרייע מענטשן און ער האָט זיי צוגענומען צו הילף אין דער גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט פון אין אָרדנונג צו ברענגען די מדינה וואָס איז געווען אַזוי פאַרנאַכלעסיקט.

דער מלך האָט עטלעכע מאָל געבעטן דעם יהודי אַז ער זאָל ווערן משנה־למלך, ווייל דער פריערדיקער משנה טויג נישט צו פירן ווי אַ משנה דאַרף פירן. אָבער דער יהודי האָט בשום אופן נישט געוואָלט. ער האָט געזאָגט אַז אויב מ׳וועט צונעמען

דעם נאָמען פון דעם משנה וועט דאָס אים גאָר ווי טוען, און ער וויל נישט אַז צוליב אים זאָל עמיצער האָבן צער. דעריבער האָט דער יהודי נישט געטראָגן נאָר דעם נאָמען „דער קעניג־לעכער יועץ" און דער משנה מיט אַלע מיניסטאָרן זענען גע־בליבן מיט זייערע נעמען, אָבער נאָר מיטן נאָמען... ווייל למעשה האָט דער יהודי געהאַט די מאַכט פון אַ „משנה", און זיינע מענטשן, ווי מיניסטאָרן, און לויט זייער באַפעל האָט זיך די גאַנצע מלוכה געפירט. דער משנה און די מינסטאָרן האָבן גאַנץ גוט געוווּסט אַז דער מלך וויל זיי אַלע אַוועק לייגן פון זייערע פּאָסטנס, און אַז נאָר צוליב דעם אידלקייט פון דעם יהודי וואָס לאָזט דאָס נישט צו, טראָגן זיי נאָך דעם טיטל משנה און מיניסטער. אָבער זיי האָבן זיך גאָרנישט גערעכנט מיט דעם יהודי'ס פיינקייט, זיי זענען אים געוואָרן שונאים אויפן לעבן און וואָלטן אים גערן אומגעבראַכט. צענטליקער מאָל האָבן זיי גע־פּרוווט אונטער צו רוקן עפּעס אַ שפּיצל דעם יהודי, וואָס דורך דעם זאָלן זיי קאָנען אויסטראַכטן עפּעס אַ בלבול אַקעגן אים. אָבער דער יהודי מיט זיין פאַרשטאַנד האָט שטענדיק פאָרויס געזען וואָס די גרויסע „חכמים" ווילן אים דאָ אָפּטוען, האָט ער זיך אַלץ אויסגעהיטן פון זייער נעץ וואָס זיי האָבן אים אונטער־געלייגט. אָבער די מיניסטאָרן האָבן נישט גערוט, יעדע פאַר טעג זענען זיי זיך צוזאַמען געקומען און געהאַלטן לאַנגע באַ־ראַטונגען און געזוכט עפּעס אַן עצה קעגן דעם יהודי. עפּעס אַנדערש וואָס צו טוען האָבן זיי דאָך נישט געהאַט, ווייל אין די עניני המדינה האָט מען דאָך זיי ממילא נישט געפרעגט קיין שום זאַך, האָבן זיי געהאַט פאַר זיך נאָר איין זאָרג וויאַזוי פּטור צו ווערן דעם יהודי.

— גיי צו אַלע מיניסטאָרן און זאָג זיי זיי זאָלן שוין קומען צו מיר — האָט אַין אַ טאָג באַפוילן דער משנה־למלך צו זיין

באַדינער — אָבער זאָג זיי אַז שויך, האָט אים נאָכאַמאָל נאָכ־געשריגן דער משנה. ביז אַ האַלבע שעה זענען שוין אַלע מיניס־טאָרן געזעסן ביי אַ לאַנגן טיש אין דעם משנה׳ס הויז.

— איר ווייסט דאָך שוין פון לאַנג אַז פאַר מיר איז נישט דאָ קיין סוד — הייבט אָן דער משנה זיינע ווערטער, און אויף זיין פנים האָט זיך אָנגעזען ווי ער האָט אַ גרויסע הנאה פון זיך אַליין ווען ער זאָגט דאָס — היינט האָב איך זיך דערוווּסט אַ סוד, וואָס אויב מיר וועלן זיך קלוגן אים אויסצונוצן אויף אַ געלונגענעם אופן קען ער אונז צו ברענגען צו אונזער ציל פטור צו ווערן דעם יועץ פון דעם מלך. און נישט נאָר דעם יועץ אַליין מוזן מיר פטור ווערן נאָר אויך זיין גאַנצן קאַבינעט וואָס ער האָט זיך אויפגעשטעלט. הערט אייך איין! — זאָגט ווייטער דער משנה — מיין געהיים פּאָליציי האָט זיך דערוווּסט אַז די גאַנצע גדולה פון דעם יועץ ביים מלך שטאַמט פון דעם וואָס ער האָט אים אָפּגענאַרט ער האָט אים איינגערעדט אַז די בת־המלכה לעבט נאָך, און אַז ער וועט זי צוריקברענגען אַ לעבעדיקע. דער קראַנקער דערקלאָפּטער מלך גלייבט אין זיי־נע ווערטער און האַלט אים פאַר דעם רעטער פון זיין טאָכטער, דעריבער מאַכט ער אים אַזוי גרויס. איצט מיינע ליבע פריינט דאַרפן מיר גוט אַריינטראַכטן וואָס צו טוען, ווייל אויב מיר וועלן גיין סתם איבערצייגן דעם מלך אַז דער יועץ האָט אים אָפּגענאַרט, וועט קומען דער קלוגער יועץ און וועט זאָגן דעם מלך: קוק דעם אונטערשיד צווישן מיר און די מיניסטאָרן, איך האָב געזוכט אַ מיטל וויאַזוי אויסצוהיילן דעם מלך, און זיי, די מיניסטאָרן, זוכן מיטלען וויאַזוי דער מלך זאָל צוריקפאַלן אין זיין מרה־שחורה. דעריבער מוזן מיר גאָר גוט אַריינטראַכטן וויאַזוי אויסצונוצן דעם סוד, כדי מיר זאָלן אים נישט פאַרשפּילן.

ווי דער משנה האָט געענדיקט זיינע ווערטער, האָבן

זיך געגומען אַלע מיניסטאָרן געבן עצות וויאַזוי אויסצונוצן דעם סוד. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד זענען זיך אַלץ צוזאַמען געקומען די מיניסטאָרן, טויזנטער עצות זענען געפלויגן אין דער לופטן, און ביים סוף האָבן זיי אויסגעקליבן אַ פשוטע עצה, אָבער גאַנץ אַ געלונגענע. אַז זיי האָבן שוין באַשלאָסן וועלכע עצה זיי נעמען אָן, האָבן זיי זיך גענומען זי אויסאַרבעטן, ווידער זע־נען זיי געזעסן עטלעכע טעג, און האָבן אויסגעפּלאַנט וויאַזוי אויסצופירן די עצה. ווען אַלעס איז שוין געווען פאַרטיק האָבן זיי זיך גענומען צו דער מעשה. זיי האָבן געוווּסט אַז אויב זיי וועלן זיך צואיילן וועלן זיי אויך די געלעגנהייט פאַרשפּילן אַזוי ווי זיי האָבן אַלסדינג ביז איצט פאַרשפּילט. דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן אַלעס זאָל ווערן גאָר געלאַסן געפירט.

די פאָרבערייטונגען צו דער עצה האָבן זיי גלייך אָנגעהויבן. די מיניסטאָרן וועלכע ביז היינט זענען זיי אַזוי זעלטן געקומען אין דעם קעניגלעכן הויז, און ווען זיי זענען שוין יאָ געקומען האָבן זיי מיט קיינעם פון די באַדינער נישט גערעדט און אויף קיינעם נישט געקוקט, האָבן זיך פּלוצים איבער געדרייט זייער נאַטור. זיי האָבן אָנגעהויבן צו ווערן טאָג טעגלעכע בני־בית אינעם קעניגס פּאַלאַץ, און זיי האָבן מיט יעדן גערעדט און דערצו גאָר פריינטלעך און געטריי, זיי זענען פשוט געוואָרן אַנדערע מענטשן, אַנשטאָט וואָס ביז איצט אויב מ׳האָט זיי אַ מאָל עפּעס געפרעגט פלעגן זיי ענטפערן מיט אַ גרויסן כעס, זענען זיי איצט געוואָרן געלאַסענע מענטשעלעך וואָס אפילו מיט אַמשרתת אין דעם קעניגס פּאַלאַץ שטעלן זיי זיך אַוועק פריינטלעך רעדן. ווער שמועסט ווען זיי האָבן זיך געקאָנט צו־כאַפּן צו רעדן מיט דעם מלך אָדער מיט דער מלכה, האָבן זיי גערעדט מיט אַזאַ געטריישאַפט, אַז עס האָט אויסגעזען דאָס פאַר זיך אַליין זענען זיי נישט אַזוי געטריי ווי פאַר דעם מלך.

די גרויסע מי וואָס די מיניסטאָרן האָבן געמאַכט מיט דעם וואָס זיי האָבן זיך אָנגעשטרענגט מיט יעדן פּריינטלעך צו רעדן, האָט טאַקע געבראַכט דעם דערפאָלג וואָס די מיניסטאָרן האָבן געהאָפט, די משרתים אין דעם קעניגלעכן הויז וואָס דער יהודי האָט כמעט קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט צו רעדן מיט זיי, זענען געוואָרן גאָר גוט באַפריינדעט מיט די מיניסטאָרן, און זיי וואָלטן פאַר די מיניסטאָרן געטוען וואָס זיי וואָלטן פאַרלאַנגט.

אין אַ פרימאָרגן קומען אַלע מיניסטאָרן אויף איינמאָל צו דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ און זיי זאָגן דער קעניגלעכער וואַך אַז זיי זאָלן שוין אַריין גיין צום מלך און אים זאָגן אַז אַלע מיניסטאָרן צוזאַמען זענען געקומען. זיי האָבן גאָר אַ דרינגענדע זאַך דורכצושמוסן מיטן מלך. ווען די קעניגלעכע וואַך איז אַריין מיט זייער שליחות איז דער מלך מיט דער מלכה געזעסן ביים טיש און האָבן געוואָלט אָנהויבן צו עסן זייער פרי־סעודה.

— זאָלן זיי אַריין קומען — זאָגט דער מלך, — און גייט אַריין אין דעם קעניגלעכן זאַל וווּ די מיניסטאָרן פלעגן שטענדיק זיצן. דערווייל איז געקומען אַ באַדינער צו דער מלכה וואָס איז איצט איבער געבליבן אין עס־צימער, און זאָגט איר דאָס די מיניסטאָרן ווילן רעדן וועגן אַ זאַך וואָס איז נוגע אין מלך׳ס און מלכה׳ס לעבן, דעריבער זאָל זי אויך אַריין אין דעם קעניגלעכן זאַל.

— מיר אַלע מיניסטאָרן — זאָגט דער משנה צו דעם מלך — האָבן איצט געהאַט אַ דרינגענדע זיצונג צוזאַמען. מיר האָבן זיך דערוווּסט פון גאָר אַ געפערלעכער זאַך, דעריבער זענען מיר געקומען איצט אַלע לויפן צו דעם מלך צו ראַטעווען זיין לעבן. ווי דער משנה האַלט ביי די ווערטער קומט אַריין די מלכה און שטעלט זיך אַוועק לעבן דעם קעניגלעכן

שטול. דער משנה זאָגט ווייטער, אונזער געהיימס פּאָליציי האָבן נעכטן נאַכט זיך אונטערגעהערט ווי דער יינגער יועץ פון דעם מלך זאָגט צו זיינע מענטשן וועלכע זענען געטרייער פאַר אים מער ווי פאַרן מלך, דאָס אַזוי ווי ער האָט צוגעזאָגט פאַר דעם מלך אַז ער וועט „זי״ שטעלן לעבעדיק פאַרן מלך — וועמען ער האָט געמיינט מיט דעם וואָרט „זי״ וויסן מיר נישט, זאָגט דער משנה אין מיטן זיינע ווערטער — און אַזוי ווי זי לעבט דאָך נישט, און נאָך אַ ביסל וועט דאָך געוויס דער מלך פאָדערן אַז ער זאָל דערפילן זיין צוזאָג וועט דאָך אַרויסקומען דער גאַנ־צער שקר, דעריבער איז נישט דאָ קיין צווייטע עצה, נאָר מיר זאָלן פּטור ווערן פונעם מלך. מיר מוזן אָבער זיין גרייט, האָט ווייטער געזאָגט דער יועץ פאַר זיינע מענטשן, איבערצונעמען די מאַכט איבערן לאַנד גלייך ווי מ׳וועט זיך דערוויסן פון דעם מלך׳ס טויט. און טאַקע אויף דעם זעלבן אָרט האָט דער יועץ באַשלאָסן אַז דעם היינטיקן טאָג וועט אַריין געטועך ווערן אַ שאַרפער סם אין דעם מלך׳ס עסן. דעריבער זענען מיר איצט אַלע געקומען לויפן וועגן דעם לעבן פון אונזער גרויסן מלך וואָס איז דער טרייער פאָטער פון פאָלק.

ווי די מיניסטאָרן האָבן געענדיק זייערע ווערטער איז דער מלך מיט דער מלכה געבליבן ווי פאַרגליווערט. צוויי שרעק־לעכע זאַכן האָבן זייערע אויערן דאָ געהערט, איינס אַז זייער ליבע טאָכטער לעבט טאַקע נישט, און צווייטנס וואָס דער יועץ וויל אים טוען. כאָטש דער מלך האָט זיי נישט געגלייבט, ער האָט גלייך פאַרשטאַנען אַז דאָס איז אַ בלבול קעגן דעם יהודי, האָט אויף אים אַליין די ערנסטע ווערטער פון דעם משנה וואָס האָט געציטערט ביי יעדן וואָרט וואָס ער האָט אַרויסגערעדט, געמאַכט אַזאַ איינדרוק אַז אַ שטיק צייט האָט ער זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. ערשט שפּעטער האָט זיי געזאָגט דער

מלך, איך טראַכט אַז אייער געהיים פּאָליציי האָט נישט פאַר־שטאַנען וואָס זיי האָבן געהערט, נאָר פון דעסטוועגן וועל איך פּרוּוון, און אַלע עסנס וואָס מ׳וועט מיר היינט געבן, וועל איך פון זיי געבן צו פאַרזוכן פאַר אַ הונט אידער איך וועל זיי עסן. איר קאָנט דאָ וואַרטן ביז איך וועל אויספּרוּוון די איצטיקע סעודה.

דער מלך מיט דער מלכה גייען אַריין אין דעם צווייטן זאַל, דאָרט ווי דאָס עסן איז געלעגן אויפן טיש. ער רופט אַריין אַ באַדינער און הייסט אַז ער זאָל אַריין ברענגען דעם גרויסן הונט וואָס שטייט לעבן דער וואַך פון פּאַלאַץ. ווען מ׳האָט אַריין געבראַכט דעם גרויסן געזונטן הונט האָט דער מלך אים אַראָפּ געוואָרפן אַ שטיק ברויט. דער הונט האָט דאָס אויפגעגעסן און עס האָט אים גאָרנישט געשאַט, אַזוי האָט ער אים געגעבן פון אַלסדינג און דער הונט איז געבליבן געזונט פונקט ווי פריער. דער מלך איז געווען זיכער אַז דאָס איז נאָר אַ פאַלש בלבול קעגן דעם יהודי, אָבער ווי דערציטערט איז דער מלך געוואָרן ווען ער האָט געגעבן דעם הונט פון דער מילעך וואָס איז גע־לעגן פאַר אים, און ער האָט געזען מיט זיינע אויגן ווי דער געזונטער הונט פאַלט אַראָפּ אַ טויטער אויפן אָרט.

די מלכה איז אַריינגעלאָפן צו די מיניסטאָרן און האָט גע־שריגן צו זיי הענגט שוין דעם פאַלשן יהודי, דער וואָס האָט אונז געוואָלט אומברענגען. דער מלך אַליין איז אויך גע־וואָרן שטאַרק דערשראָקן און האָט אויפן אָרט אונטערגעשריבן דעם באַפעל איינצושפּאַרן דעם יהודי מיט אַלע זיינע מענטשן. מיט גרויס פרייד זענען די מיניסטאָרן אַרויס פון דעם קעניג־לעכן פּאַלאַץ. דער ערשטער טייל פון זייער פּלאַן איז זיי גאָר גוט געלונגען. נאָך אין דעם טאָג איז דער יהודי מיט אַלע זיינע מענטשן פאַרשלאָסן געוואָרן אין דער קעניגלעכער תפי־

סה. די מינסטאָרן האָבן שוין געזאָרגט דערויף אַז די זאַך זאָל ווי שנעלער און ווי מער צעשפרייט ווערן אין דער קעניגלעכער שטאָט און אַז אַלע זאָלן וויסן וואָס דער יהודי האָט דאָ געוואָלט אָפּטוען דעם מלך, דערביי האָבן זיי נאָך אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג אַז די אַלע מענטשן וואָס זענען לעצטנס געשטאָרבן אין דעם קעניגלעכן הויז, זענען געשטאָרבן נישט ווייל זייער צייט איז געקומען, נאָר ווייל דער יהודי מיט זיין קאַבינעט האָבן זיי פאַר׳סמט, ווייל די מענטשן האָבן נישט געוואָלט לידן זיין פּי־רעכץ.

אַ גרויסע מהומה איז געוואָרן אין דער קעניגלעכער שטאָט ווען מ׳האָט זיך דערוווּסט די שרעקלעכע זאַכן וואָס מ׳האָט גע־זאָגט אַז דער יהודי האָט אָפּגעטוען, און וואָס ער האָט גע־וואָלט דעם מלך אַליין אָפּטוען. אַ גרויסער טייל מענטשן וואָס האָבן געוווּסט פון די פילע גוטע און אָרנטלעכע מעשים וואָס דער יהודי האָט געטוען פאַר דעם לאַנד און פאַר די איינוווינער אונטער דער קורצער צייט וואָס ער פירט דאָס לאַנד האָבן נישט געוואָלט גלויבן די שרעקלעכע שמועות וואָס זיי האָבן געהערט אויף דעם יהודי. אָבער אַז די מענטשן זענען אַריבער דעם צווייטן טאָג ביי דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ און זיי האָבן גזען אין אַ גלאָזערנעם קאָסטן אַ גרויסן טויטן הונט, און העכער דעם קאָסטן איז געווען אויפגעשריבן מיט גאָר גרויסער אותיות, „דאָ ליגט דער הונט וואָס איז פאַר׳סמט געוואָרן פון דעם עסן וואָס דער יועץ המלך האָט געשיקט פאַרן מלך“, האָבן שוין אַלע געמוזט גלויבן.

די מיניסטאָרן האָבן געוווּסט אַז אויב עס וועט זיך ציען אַ לענגערע צייט ביז מ׳וועט דעם יהודי שטעלן צום משפט, וועט איבער דער צייט דער קלוגער יהודי נאָך עפּעס אויסטראַכטן אַ מיטל וויאַזוי זיך צו ראַטעווען דאָס לעבן. דעריבער האָבן זיי

געזען צוויילן דעם משפט ווי שנעלער עס איז נאָר מעגלעך. מיט פלייס זענען זיי צוגעגאַנגען אויספירן דעם צווייטן העלפט פון זייער פּלאַן. זיי זענען געגאַנגען צום מלך און האָבן אים געזאָגט אַז אויב מ׳וועט מאַכן דעם משפט פון דעם יהודי אין דעם קעניגלעכן הויז וועלן אַלע מענטשן זאָגן אַז מיר האָבן אויסגעטראַכט אַ בלבול אויף דעם יהודי, און מיר האָבן דאָס איינגערעדט דעם מלך, און דאַדורך האָט מען געהרגעט דעם יהודי כאָטש ער איז געווען אינגאַנצן אומשולדיק. דעריבער איז בעסער אַז דעם משפט זאָל פירן אַ מענטש וואָס מיר האָבן מיט אים קיין שייכות, און דערצו נאָך אַזאַ מענטש וואָס יעדער וועט מודה זיין אַז ער איז אַן אָרנטלעכער. אַ מענטש וואָס קיינער וועט אים נישט חושד זיין אַז ער וועט פאַרגיסן אומשולדיק בלוט. דעם מלך זענען זייער גוט געפעלן די איידעלע ווערטער פון די מיניסטאָרן וואָס זיי האָבן עס געזאָגט מיט אַן ערנסטקייט און מיט גרויס עניוות. דעריבער האָט ער זיי געזאָגט אַז ער וואָלט מיטן גאַנצן האַרץ מסכים געווען אַז מ׳זאָל מאַכן גאָר אַ ריכטיקן משפט, און אַז עס זאָל אים פירן אַן אמת׳ער מענטש. נאָר ווי געפינט מען אַזאַ מענטש וואָס יעדער וועט גלייבן אַז ביי אים ליגט דער גאַנצער אמת. איך קאָן נישט אַזאַ מענטש אין מדינת־אופיר, — זאָגט דער מלך.

— מיר טראַכטן — האָבן אים די מיניסטאָרן געענטפערט — אויף דעם אַלטן גלח „אגערנאצי״.

— מסכים — האָט דער מלך געענטפערט מיט גרויס איבעראַשונג — הלוואי וועט איר פועלן ביי אים אַז ער זאָל וועלן פירן דעם משפט, ער איז טאַקע דער איינציקער מענטש וואָס איז אַן אמת׳ער ריכטיקער מענטש.

— פאַר אונז — זאָגן ווייטער די מיניסטאָרן — וועט ער געוויס אָפּזאָגן. ער וועט איצט נישט אַרויסגיין פון זיין הויז

נאָכדעם וואָס ער האָט זיך דעריין פאַרשלאָסן שוין מער פון צוואַנציק יאָר, צוליב דעם וואָס מיר ווילן אים בעטן. אָבער אַז אונזער געערטער מלך וועט אים בעטן, וועט ער דאָס געוויס טוען, ווייל ער איז שטענדיק געווען גאָר געטריי און איבער־געגעבן מיטן לעבן פאַרן מלך. דעריבער אַז דער מלך וועט אים בעטן וועט ער געוויס נישט אָפּזאָגן.

— איך קאָנט אים בעטן אין מיין נאָמען — האָט זיך אָנגע־רופן דער מלך.

מיט גרויס פרייד זענען די מיניסטאָרן ווידער אַרויס פון דעם מלך. דעם צווייטן טאָג זענען זיי שוין צוריק געקומען צום מלך אים מבשר זיין די גרויסע בשורה אַז דער אַלטער גלח האָט אָנ־גענומען צו פירן דעם משפט. נאָר מיט איין תנאי, אַז מער פון דריי טעג זאָל דער משפט נישט דויערן, ווייל ער קאָן זיך נישט שטערן פון זיין הויכער אַרבעט מער פון דריי טעג.

יב.

ווי אַ בליץ האָט זיך צעשפרייט אין דער שטאָט די ידיעה אַז דער אַלטער גלח וואָס איז שוין מער פון צוואַנציק יאָר נישט אַרויס פון זיין צימער, און יעדער האָט אים געקאָנט פאַר גאָר אַן אָרנטלעכן מאַן, וועט אַליין פירן דעם משפט. נאָך אין דעם טאָג האָט מען אויסגעפּויקט אין אַלע גאַסן אַז דעם אַנדערן טאָג וועט אָפּגעהאַלטן ווערן דער גרויסער משפט פון דעם יועץ־המלך און פון זיינע מענטשן וואָס האָבן געוואָלט אָפּסאַמען דעם מלך. דער משפט וועט אָפּגעהאַלטן ווערן אין מיטן שטאָט נישט ווייט פון דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ. דער מלך האָט אויס־געקליבן פאַר אַ שופט דעם גרויסן גלח אַגערנאַצי. מיט אַ שנעלקייט האָט מען זיך גענומען אויפשטעלן אַ גרויסע בימע אין מיטן דער שטאָט, אַ גאַנצע נאַכט האָבן די אַרבעטער גע־

אַרבעט ביי די ליכט פון גרויסע לאָמפּן צו מאַכן די בימע. אויף דעם אַנדערן טאָג איז שוין געשטאַנען די בימע גרייט. און פון גאַנץ פרי האָבן אָנגעהויבן צו קומען מענטשן צו דעם אָרט ווי דער משפט וועט פאָרקומען. אין דער באַשטימטער שעה זענען שוין דאָרט געווען כמעט אַלע מענטשן פון שטאָט. דער נאָמען פון דעם יהודי איז געווען באַקאַנט ביי יעדן, ווייל יעדער אין לאַנד האָט שוין געוווּסט אַז דאָס לאַנד פירט זיך דורך זיין באַפעל, דעריבער איצט אַז מ׳האָט אים געשטעלט צום משפט איז יעדער גאָר נייגעריק געווען צו וויסן וואָס עס וועט זיין מיט אים.

פּינקטלעך ביי דער באַשטימטער צייט קומט אָן אַ שיינער רייט־וואָגן צו דער בימע. פון דעם וואָגן גייט אַרויס דער אַלטער גלח וואָס זיינע צוויי־און־צוואַנציק יאָר האָבן זיך גוט אָנגעזען אויף אים. קוים קוים וואָס ער האָט געקאָנט הייבן אַ פוס. צוויי קעניגלעכע זעלנער העלפן אים אונטער אַרויפצוגיין אויף דער בימע. דאָרט זעצט ער זיך אַוועק אויף דער שיינער שטול וואָס איז געווען צוגעגרייט. ווען ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין דער שטול האָבן ערשט געזען די טויזנטער מענטשן זיין פּנים. ער האָט אויסגעזען אַ סאָלידער שטילער מענטש, שטילער פון וואַסער, און פון זיין פּנים האָט זיך אָנגעזען דאָס ער האַלט זיך נידריקער פון דער ערד. די מענטשן האָבן געזאָגט צווישן זיך מען זעט ווי דער גלח איז אַ שטיק אמת, און אַז ער וועט אַרויסגעבן אַ פּסק וועט דאָס געוויס זיין דער ריינער קלאָרער אמת.

מיט אַ נידעריקן קול, אַזוי ווי זיין געוווינהייט פלעגט צו זיין שטענדיק צו רעדן ווי גלייך יעדעס וואָרט וואָס גייט אַרויס פון זיין מויל איז אַ קעניגלעכער סוד. האָט דער אַלטער גלח אָנגעהויבן צו רעדן פאַר די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן.

מיינע טייערע קינדערלעך — האָט ער געזאָגט — שוין מער

פון צוואַנציק יאָר האָבן מיינע פוס נישט אַריבער געטרעטן די שוועל פון מיין הויז. שוין מער פון צוואַנציק יאָר וואָס צו מיינע גדאַנקען איז נישט צוגעקומען נאָר היילִיקייט. עס האָט מיך גאָרנישט אינטערעסירט פון דער זינדיקער וועלט און איך האָב טאַקע גאָר נישט געוווּסט וואָס עס קומט דאָ פאָר, און איך האָב געהאָט ביי מיר באַשלאָסן אַז אויך ווייטער זאָל מיך נישט שטערן פון מיין געהויבענער אַרבעט קיין שום זאַך פון דער וועלט. איך בין געווען זיכער אַז פון מיין הויז וועט מען נאָר מיין קערפּער אַרויסטראָגן, אָבער אַז איך וועל מיט מיינע פוס אַרויסגיין, האָב איך אין מיין חלום נישט געטראַכט.

אָבער ליידער איז איצט פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע זאַך, — האָט ער געזאָגט מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, וואָס פון גרויס עניוות האָט ער זיי נישט אויפגעהויבן העכער דעם טישל וואָס איז געשטאַנען אויף דער בימע — אַ זאַך וואָס האָט גע־קאָנט ברענגען אַ גרויס אומגליק אויפן גאַנצן לאַנד. דעריי־בער פיל איך ביי מיר אַ הייליקע פליכט, און איך צו שטער מיין גרויסע הנאָה פון צו שוועבן אין די הויכע וועלטן נאָר איך לאָז זיך אַראָפּ דאָ צו אייך צו מאַכן אַ אמת׳ן משפט. און איך שווער אייך דאָ אַלע צו, אַז נאָר דער אמת און דער יושר וועט זיין פאַר מיינע אויגן ווען איך וועל אויסשפּרעכן מיין פּסק.

אַ טויט שטילקייט האָט געהערשט צווישן אַלע פאַרזאַמלטע מענטשן ווען מ׳האָט געהערט די ערנסטע ווערטער פון דעם גרעסטן גלח אין לאַנד. איצט האָט מען אַרויף געבראַכט מיט געבונדענע הענט דעם יהודי און נאָך אים אַלע זיינע מענטשן. נאָך זיי זענען אַרויפגעקומען עטלעכע זעלנער, און דער קע־ניגלעכער קעכער. די זעלנער האָבן דערציילט די גאַנצע גע־שיכטע וואָס זיי האָבן געהערט רעדן דעם יהודי מיט זיינע מענטשן און אַז דער יהודי צוזאַמען מיט זיינע מענטשן האָבן

באַשלאָסן אָפּצוסמען דעם מלך. דערנאָך איז אַרויף דער קע־
כער און האָט עדות געזאָגט אַז אין דער נאַכט וואָס די זעלנער
האָבן געזאָגט אַז זיי האָבן געהערט רעדן דעם יהודי אַז ער
וויל אָפּסמען דעם מלך איז געקומען צו אים דער יהודי, און
האָט אים אויפגעוועקט פון שלאָף און האָט אים געגעבן עפּעס
אַ שטויב אַרייַנצושיטן אין דער מילעך וואָס ער וועט דעם
אַנדערן טאָג מאַכן פאַרן מלך. דער יהודי האָט געזאָגט אַז דאָס
איז גאָר אַ וויכטיקע רפואה וועגן מלך׳ס געזונט.

ערשט איצט האָט זיך דער יהודי מיט זיינע מענטשן דער־
ווּסט פאַר וואָס מ׳האָט זיי פאַרשלאָסן און פאַר וואָס מ׳שטעלט
זיי צום משפט ווייל די מיניסטאָרן האָבן דאָס אַזוי קלוג אָנגע־
פירט אַז פון ווען מ׳האָט איינגעשפּאַרט דעם יהודי ביז ווען
מ׳האָט אים געבראַכט צום משפט האָט מען קיין שום מענטש
נישט צוגעלאָזט צו זיי, אַזוי אַז די גאַנצע צייט האָבן זיי גאָר־
נישט געווּסט וואָס דאָס איז אַז מ׳האָט זיי פאַרשלאָסן. איצט
אַז דער יהודי האָט דאָס דערהערט האָט ער זיך שטאַרק דער־
ציטערט, אָבער ער האָט זיך גלייך געשטאַרקט. ער האָט גע־
ווּסט אַז דאָס האָבן טאַקע געוואָלט די מיניסטאָרן אַז ער זאָל
פּלוצים דערהערן וואָס מ׳זאָגט אויף אים וועט ער פון גרויס
איבעראַשונג נישט קאָנען עפּענען אַ מויל, ממילא וועט ער
גלייך פאַרמשפּט ווערן צום טויט. דעריבער האָט זיך איצט דער
יהודי געשטאַרקט מיט די לעצטע כוחות און האָט זיך גענומען
איבערצייגן דעם שקר פון די עדות. ער האָט זיי אָנגעהויבן צו
פרעגן שאלות, ווו זיי האָבן אים געזען? און וועלכע פון זיינע
מענטשן זענען מיט אים געווען? און וויאַזוי קאָן דאָס זיין אַז
אַזאַ זאַך רעדט מען אַזוי הויך אַז מ׳זאָל אַרויסהערן? און נאָך
אַ סך פראַגן. קודם האָבן די עדות געענטפערט אויף אַלע פראַגן
מיט אַ פעסטקייט. זעט אויס אַז זיי זענען געווען גאָר גוט צו־

געגרייט צום משפט. אָבער שפּעטער האָט זיי דער יהודי מיט זיין חכמה אַריינגעדרייט אַז זיי אַליין האָבן געמוזט מודה זיין דאָס עטלעכע תשובות וואָס זיי האָבן קודם געענטפערט זענען געווען שקר. פיל מענטשן האָבן שוין געזען אַז דאָס גאַנצע עדות איז אַ פאַלש בלבול, אָבער די עדים האָבן נאָך נישט מודה געווען אינגאַנצן. ביים סוף אָבער האָט דער יהודי געהאַט זיי געכאַפּט ביי אַזויפיל סתירות אַז יעדער האָט געזען אַז אָט אָט וועלן די עדים מודה זיין אַז זיי האָבן זיך נאָר אויסגעטראַכט אַ בלבול אויף דעם יהודי. אָבער אין דער לעצטער מינוט, ווען מ'האָט געזען אַז די עדות ווילן זיך שוין מודה זיין, האָט געגעבן דער אַלטער גלח אַ שטעל אָפּ די עדים, און האָט זיי געזאָגט אַז זיי דאַרפן שוין נישט ענטפערן.

דער אַלטער גלח שטעלט זיך אויף אויף זיינע פוס און זאָגט, אַזוי ווי איך זע זאָגן די עדים נישט לויטער אמת, אָבער ווידער האָט דער יהודי נישט איבערצייגט אַז די מעשה איז שקר. דע־ריבער קאָן איך נישט אַרויסגעבן קיין פסק דין, ווייל אויב איך וועל אים פאַרמשפּטן צו פאַרברענען, קאָן דאָך זיין אַז ער איז אומשולדיק ווייל די עדים זאָגן שקר. זאָל איך אים הייסן באַ־פרייען קאָן דאָך זיין אַז די מעשה איז אמת, און אויב עס איז ריכטיק זייער עדות־שאַפט, איז דאָך אַ גרויס געפאַר אַזעלכע מענטשן אַרויסצולאָזן.

וועגן די טעמים גיב איך איבער דעם משפט פאַר דעם וואָס זיצט אין די הויכע הימלען. מאָרגן פאַרמיטאָג פיר שעה נאָכ־דעם ווי עס הייבט אָן צו טאָגן וועל איך ווידער זיין דאָ און מיט מיין האַנט וועל איך אָנשרייבן אויף צוויי שטיקלעך פּאַרמעט צווי ווערטער, אויף איינעם דאָס וואָרט „לחיים", און אויף דעם צווייטן דאָס וואָרט „למיתה". די צוויי שטיקלעך פּאַרמעט וועל איך אַריינלייגן אין אַ קליין קעסטעלע, און מ'וועט צוגרייטן

דעם קאַלעך אויוון ער זאָל בערענען ווי ביי אַלע פאַרמשפּטע. דעם יהודי מיט זיינע מענטשן וועט מען אַוועקשטעלן אויף דעם הויכן אָרט לעבן דעם ברענענדיקן קאַלעך־אויוון, און מ׳וועט אים צוטראָגן דאָס קעסטעלע מיט די צוויי שטיקלעך פאַרמעט, און ער וועט אַרויסציען איין צעטעלע, און דער מלך וועט זען וועלכעס צעטעלע ער האָט אַרויסגעצויגן. וועט ער האָבן אַרויסגעצויגן דאָס צעטעלע „לחיים״, איז אַ סימן אַז ער האָט גאָרנישט געטוען, און די גאַנצע זאַך וואָס מ׳זאָגט אויף אים איז נאָר אַ בולבול, און ער וועט בלייבן לעבן. וועט ער ווידער האָבן אַרויסגעצויגן דאָס צעטעלע וואָס עס שטייט אויף אים „למיתה״, איז אַ סימן אַז דאָס עדות־שאָפט איז טאַקע יאָ אמת, און מיט דער האַנט וואָס ער האָט געגעבן דעם קעכער דעם סם אָפּצוסמען דעם מלך, מיט דער זעלבער האַנט האָט ער אַרויסגעצויגן זיין טויט, און אויפן אָרט וועט מען אים מיט זיינע מענטשן אַריינוואַרפן אין ברענענדיקן אויוון. איך טראַכט דאָס קיין ריכטיקער משפט קאָן נישט זיין — האָט דער גלח אויס־געלאָזט זיינע ווערטער.

אַלע מענטשן האָבן געשריגן זאָל לעבן דער אמת׳ער משפט פון דעם גרויסן גלח.

מיט אומגעדולד האָבן שוין די איינוווינער געוואַרט אויפן מאָרגעדיקן טאָג, ווער שמועסט די מענטשן וואָס זייער לעבן איז געווען אָפּהענגיק אין דעם טאָג, די האָבן נישט צוגעמאַכט אַן אויג אַ גאַנצע נאַכט, אפילו דער יהודי וואָס איז געווען אַ שטיפער ביי דער נאַטור, האָט אויך מיט גאָר אַ צעבראָכן האַרץ תהילים געזאָגט און געבעטן פון השי״ת ער זאָל אים ראַטעווען פון דעם בלבול וואָס מ׳האָט אויף אים אויסגעטראַכט. דעם צווייטן טאָג האָבן זיך שוין פון גאַנץ פרי פאַרזאַמלט פיל טויזנטער מענטשן אין מיטן דער שטאָט. פונקט אין דער

באַשטימטער צייט איז געקומען דער קעניגלעכער רייט־וואָגן, פון אים איז אַרויס דער מלך און נאָך אים דער אַלטער גלח. זיי זענען אַרויף אויף דער בימע, אַלע מיניסטאָרן זענען שוין געזעסן און מיט גרויס פרייד געוואַרט אויף דער באַשטימטער מינוט. אויף זייער פּנים איז קענטיק געווען אַז זיי זענען זיכער אַז דער יהודי וועט אַרויסציען דעם צעטל „למיתה״.

נישט ווייט פון דער בימע האָט געברענט אַ גרויס פייער. די טויזנטער מענטשן האָבן געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד, דאָס האַרץ האָט זיך אין זיי געוואָרפן ווי דאָס צינגל פון אַ גלעקל, וועט ער בלייבן לעבן צי נישט? דאָס איז געווען די פראַגע וואָס האָט אַרומגעשוועבט אין דער לופטן. דער אַלטער גלח נעמט אַרויס אַ לאַנגע פעדער און אַ גרויסן פלאַש טינט, און שרייבט אַרויף אויף איין צעטל מיט גרויסע אותיות דאָס וואָרט „למיתה״. ער פּאַקט איין דאָס צעטל אין פּירן, און ער נעמט זיך שרייבן דאָס צווייטע צעטל, אָבער איצט איז דער אָרנטלע־כער גלח באַגאַנגען אַ שרעקלעך פאַרברעכן. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן זיין גרויסער אמת אויף וואָס ער האָט געהאָרע־וועט. די צוואַנציק יאָר וואָס ער איז געווען פאַרשלאָסן ביי זיך אין שטוב. מיט אַ קאַלטקייט ווי גלייך ער וואָלט נישט געוווּסט אַז מיט זיין איצטיקער מעשה, הרגעט ער אַוועק עטלעכע מענטשן, האָט ער אויך אויף דעם צווייטן שטיק פּאַרמעט אויפ־געשריבן דאָס וואָרט „למיתה״. אַזוי אַז אויף ביידע צעטלען זענען געווען געשריבן דאָס וואָרט „למיתה״, און סיי וועלכן צעטל דער יהודי וועט אַרויסציען וועט ער פאַרברענט ווערן.

דעם שרעקלעכן פאַרברעך האָט קיינער נישט באַמערקט נאָר דער פּשוטער באַדינער וואָס האָט געוואַרט מיט אַ קעסטעלע אין די הענט אַז דער גלח זאָל אַריין לייגן די שטיקלעך פּאַרמעט דערין, און ער זאָל דאָס צו טראָגן צו דעם הויכן אָרט ווי דער

יהודי מיט זיינע מענטשן זענען געלעגן מיט געבונדענע פוס לעבן דעם גרויסן פייער. דער באַדינער וואָס האָט שטאַרק ליב געהאַט דעם יהודי וואָלט זייער גערן געהאָלפן דעם יהודי, אָבער ער האָט זיך נישט געטרויעט, ער האָט געוווּסט אַז אויב ער וועט זאָגן אַ וואָרט קעגן דעם אַלטן גלח וועט ער אַליין פאַרברענט ווערן.

נאָכדעם ווי דער גלח האָט אָפּגעשריבן אויך דאָס צווייטע שטיקל פּאַרמעט און האָט דאָס אויך פאַרפּאַקט אין פּירן, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, און ווידער מיט דעם שטילן קול וואָס איז געווען אין כלומרשטן פול מיט ענווה און מיט אמת'קייט געזאָגט.

ליבע קינדער! איצט גיבן מיר איבער דעם משפט פאַר דעם וואָס זיצט אין הימל, זאָל יעדער איינער וויסן, אַז וויאַזוי ער וועט משפטן איז דאָס געוויס דער ריכטיקער משפט, און ווער עס וועט טראַכטן אַז דער משפט איז נישט ריכטיק, דער טראַכט נישט אַזאַ שרעקלעכן געדאַנק אויף אַ מענטש נאָר אויף אַ העכערן. וועט דער יהודי אַרויסציען דעם צעטל „לחיים" איז ער געוויס גערעכט, און נישט נאָר דאָס ער וועט בלייבן לעבן, נאָר ער וועט אויך צוריקגיין צו זיין אַלטער שטעלע אַלץ יועץ פון דעם מלך. ווידער וועט דער יהודי אַרויסציען דעם צעטל „למיתה" האָט ער מיט זיינע הענט אַרויסגעצויגן זיין ריכטיקן אורטייל. איצט האָט דער גלח אַריין געוואָרפן די צוויי צעטלען אין קעסטעלע, און האָט אַליין גענומען דאָס קעסטעלע אין די הענט און מיט פיל אָנשטרענגונג דאָס אויסגעמישט. די מענטשן האָבן זיך געטראַכט ווי ווייט דער ערלעכער גלח שטרענגט זיך אָן אַז דער משפט זאָל אַרויס אַ ריכטיקער. איצט האָט ער דאָס קעסטעלע איבערגעגעבן צו דעם שליח און דער שליח וואָס האָט געוווּסט וואָס פאַראַ פאַלשקייט דאָ ליגט באַהאַלטן אין

דעם קעסטעלע האָט דאָס מיט גרויס האַרץ־קלאַפּעניש צוגע־טראָגן צום הויכן אָרט ווי דער יהודי איז געשטאַנען נעבן דעם ברענענדיקן אויוון.

אַלע טויזנטער אויגן האָבן איצט געקוקט צום הויכן אָרט, פון אַלעמען האָט זיך געגאָסן דער שווייס, די הענט און פוס האָבן יעדן אָנגעהויבן צו ציטערן. דער שליח האָלט דאָס קעס־טעלע אין די הענט און זאָגט צום יהודי מיט אַ הויך קול, זאָלסט אַרויסציען נאָר איין צעטל. גלייך זאָלסט מיר עס געבן אין מיין האַנט איך זאָל דאָס פירן צום מלך ער זאָל דאָס אויפליינען.

אָבער דער פשוטער באַדינער האָט זיך נישט געקאָנט איינ־האַלטן האָט ער שטילערהייט געגעבן אַ זאָג צו דעם יהודי, זאָלסט וויסן דאָס אויף ביידע צעטלעך איז אָנגעשריבן דאָס וואָרט „למיתה״ דעם יהודי האָט געגעבן אַ שרעקלעכן טרייסל ווען ער האָט דערהערט די זאַך, און גלייך האָט זיך אַרויסגע־ריסן פון זיין פאַרטרוקנטן האַלדז די דריי ווערטער „גם זו לטובה״.

## א ווערטל פון ספר החכמה

צום דוויסקער גאון רבי מאיר שמחה, דער בעל „אור שמח" זענען געקומען צוויי שכנים וועגן אַ שטיקל פלאַץ פון זייער הויף. יעדער איינער האָט געטענה'ט גאָר פעסט אַז דאָס שטיקל ערד געהער צו אים.

נאָכדעם וואָס דער רב האָט אויסגעהערט זייערע טענות האָט זיך דער רב אַראָפּגעבויגן צו דער ערד און ער האָט געזאָגט: לאָמיר הערן וואָס דער בעל־דבר אַליין זאָגט דערצו.

— איר ווייסט וואָס די ערד זאָגט?! — האָט געפרעגט דער דוויסקער רב נאָכדעם וואָס ער האָט זיך אויפגעהויבן.

די ערד זאָגט גאָר אַז איר ביידע זענט עך נישט גערעכט. זי טענה'ט דאָס נישט נאָר אַז זי געהער גאָרנישט צו אייך, נאָר פונקט פאַרקערט,ביים סוף וועט זיך אַרויסווייזן ווי ביידע געהערן גאָר צו מיר...